# דער יוד

# (DER JUDE)

צייטשריפט

## פיר אלע יודישע אינטערעסען.

ערשיינט יעדע וואך.

→ פערלאג: חברה „אחיאסף“. ←

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן —.12 קראנען.
האלביאהריג —.6 "
פירטעליאהריג —.3 "
דייטשלאנד —.10 מארק.
ארץ ישראל —.12 פראנק.
אנדערע לענדער —.15 "
אמעריקא, ענגלאנד—.10 שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדער קליינע שורה פעטיט
20 העללער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ יאהרליך —.5 רוביל.
האלב יאהרליך —.3 רוביל;
פיערטעל יאהרליך 1.50 רו"כ.
מען קען אויך אויסצאהלען אין
3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 "
דען 1טען אויגוסט — 1 "

איינצעלנע נומערן 15 קאפ. —
30 העלער.

קראקויא, אדר תרס"א. — נומער 11. — Krakau. 14 März 1901.


| ה. תרס"א → וואכען-קאלענדער (לוח) ← 1901 | | | | |
|---|---|---|---|---|
| די טעג פון: חודש | וואך | אדר מערץ-מארזען | נייער ס. מערץ | אלט. ס. מארט. |
| כ"ו | זונטאג | | 17 | 4 |
| כ"ז | מאנטאג | | 18 | 5 |
| כ"ח | דינסטאג | | 19 | 6 |
| כ"ט | מיטוואך | | 20 | 7 |
| א' | דאנערס. | ראש חודש ניסן. | 21 | 8 |
| ב' | פרייטאג | | 22 | 9 |
| ג' | שבת | שבת ויקרא. | 23 | 10 |

| טאג | יאהר | קורצע פערצייכנונגען פון דער יודישער געשיכטע. |
|---|---|---|
| כ"ו | ה'תקי"ג | געשטארבען הגי בעריש עשקעלעס ניקולסבורגער רב. |
| כ"ז | ה'תרלה | " הג' ר' יוסף שאול נאטאנזאהן לעמבערגער רב. |
| " | ה'תרמג | " הג' ר' יעקב באריט מו"צ אין ווילנא. |
| כ"ט | ה'תקס"ז | די לעצטע זיטצונג פון סנהדרין וועלכע נאפאלעאן האט גע-גרינדעט אין פראנקרייך. |
| א' | ג' תי"ז | איז עזרא מיט פיעל יודען ארויסגעצויגען פון בבל. |
| כ"ג | ה'שפ"ג | זענען די יודען אין קוטאאיס בעפרייט געווארען פון בלוט-בלבול. |
| " | ה' תרלט | פערברענט עקדה"ש 6 אנוסים אין ליסאבאן. |
| ב' | ה' ת"ב | האט פערדינאנד גוזר געווען פערטרייבען יודען פון שפא- |
| ג' | ה'רנ"ב | ניען. |

## אינהאלט.




## צו אבאנירען:

אין קראקא:
Administration „DER JUDE“, Krakau, Gertrudy 19.

אין ווארשא:
Verlag „Achiasaf“, Warschau, Postkiste Nr 25, mündlich: Twarda 6, Thür 4.

אין וויען:
E. Torczyner, Wien II. Krumbaumg. I.

אין לאדז, ביי אונזערעם פערטרעטער:
S. Hochberg, Lodż, Cegielnianastr. 36.

דער יוד' איז אויך איינגעטראגען אין דער צייטונגספרייזליסטע דער ק. ק. עסטרייכישען פאסט אונטער דער נומער.
1920 a Nachtrag VII.

III. Jahrgang. **DER JUDE.** Nr. 11

דער פרייז פיר רוסלאנד:
גאנץ-יאהרליך 5.— רוביל.
האלב-יאהרליך 3.— רוביל.
פירטעל-יאהרליך 1.50 רוביל.
מען קען אויך אויסצאהלען אין 3 ראטען:
ביים אבאנירען — 2 רוביל
דען 1טען אפריל — 2 „
דען 1טען אויגוסט — 1 „

ענדערען די אדרעסע קאסט 20 קאפ.

# דער יוד

צייטשריפט
פיר אלע יודישע אינטערעסען.
ערשיינט יעדע וואך.
פערלאג: חברת „אחיאסף“.

אבאנאמענטס פרייז יאהרליך:
אסטרייך-אונגארן 12.— קראנען.
האלביאהריג 6.— „
פירטעליאהריג 3.— „
דייטשלאנד 10.— מארק.
ארץ ישראל 12.— פראנק.
אנדערע לענדער 15.— „
אמעריקא, ענגלאנד 10.— שילינג.

פרייז פון מודעות (אנצייגען):
פיר יעדע קליינע שורה פעטיט 20 העלער, 25 פפעניג, 10 קאפ.

Erscheint Donnerstag.

קראקויא, אדר תרס״א. נומר 11. Krakau, 14. März 1901.

**☛ צו די אבאנענטען פון דער וועלטגעשיכטע!**

דער ערשטער באנד איז שוין ארויס פון דרוק און וועט דיזע וואך צושיקט ווערען.

די אדמיניסטראציאן פון „יוד“.

## די אסיפה אין אדעס.

אלע ציוניסטישע קאנגרעסען און קאנפערענצען זענען דורכגעוועבט מיט א שטילען און טיפען טרויער. צוזאמען מיט דעם ליכט פון די האפנונגען, וועלכע זיי צינדען אן אין די הערצער, קענען זיי נור זעלטען אין גאנצען דערשטיקען דאס געפיהל פון שוואכקייט און צוריסענקייט, וועלכע טרעטען ארויס ביי יעדער ערנסטער פראקטישער פראגע. אין ערגיץ ווייזט זיך אזוי שטארק ניט ארויס דער טיפער תהום, וואס ליגט צווישען וועלען און קענען, ווי אין די בעראטהונגען איבער די ציוניסטישע פראגען. איז אפשר אין דעם שולדיג אונזער וועלען, וואס פערלאנגט אונמעגליכעס און אוננאטירליכעס? מיר פערלאנגען אבער ניט מעהר ווי געזונד און לעבען, און אונזער רייסען זיך צו א געזונדען נאציאנאלען לעבען איז דאך ניט ווענינער נאטירליך, ווי דאס פערלאנגען פון א קראנקען געזונד צו ווערען פון א לאנגער און אויסצעהרענדער קראנקהייט. דאס טרויעריגע אין אונזער לעבען ליגט דערום ניט אין אונזער וועלען, נאר אין אונזער צו ווענינ קענען, אין אונזערע צו שוואכע כחות, וועלכע זענען ניט פעהיג צו א שווערער אנשטרענגונג. וואס וויכטיגער און שווערער עס זענען די פאדערונגען, וועלכע ווערען געשטעלט צו אונזער פאלק, אלץ קענטיגער ווייזט זיך ארויס, ווי קליין עס זענען אונזערע נאציאנאלע קרעפטען און ווי ווינציג עס איז די ארבייט, וועלכע מיר קענען אויפטהון. שוין לאנג האט זיך אונזער נאציאנאלע שוואכקייט ניט געלאזט אזוי שטארק פיהלען ווי אויף דער לעצטער אסיפה אין אדעס, ווייל אויף קיין איינציגער אסיפה זענען דאס וועלען און קענען נאך ניט געשטאנען אזוי שארף איינס געגען דאס אנדערע.

צוויי וויכטיגע פראגען זענען געשטעלט געווען פאר דער אסיפה: די פראגע וועגען די קאלאניסטען און וועגען די ארבייטער. יק״א, איבערנעהמענדיג די הנהגה פון די יודישע קאלאניעס אין פאלעסטינא, האט זיך איבערצייגט, אז די שלעכטע לאגע פון די קאלאניסטען הייננט אב פון דעם, דאס זיי האבען ווענינ ערד. אזוי אבער ווי יק״א האט זיך ענטשלאסען, די קאלאניזאציאן אין ארץ ישראל ניט צו דערווייטערען, כל זמן עס וועלען ניט אוועקגעשטעלט ווערען אויף א פעסטען יסוד די אלטע קאלאניעס, איז זי דערום געקומען צו דער דעה צו נייטהען די קאלאניסטען, וואס האבען ווענינ ערד, ארויסצופאהרען פון ארץ ישראל. די גאנצע יודישע וועלט, וועלכע ווייס, וויפיעל מיה און האפנונגען זענען אריינגעלעגט געווארען אין די 20-יעהריגע ארבייט, וועלכע ווייס, וויפיעל קרבנות עס האט אבגעקאסט צו מאכען פון שטעדטישע איינוואהנער גוטע ערדארבייטער,— די אלע האבען מיט פערוואונדערונג און כעס אויסגעהערט דעם בעשלוס פון דער געזעלשאפט, וועלכע האט מיט אמאל, צוליעב איהרע גרויסע קאפיטאלען, געקראגען די גרעסטע דעה אין די פראגען פון יודישער קאלאניזאציאן.

אין די בעראטהונגען איבער די קאלאניסטען האט זיך ארויסגעשטעלט אויף דער אדעסער אסיפה איין פאלשטענדיגער הסכם און אחדות אין דעם וועלען זיי צו העלפען. אלע אויף דער אסיפה זענען געווען פעסט ענטשלאסען ניט צוצולאזען, עס זאל צושטערט ווערען די ארבייט, אין וועלכער מיר האבען דאך דערגרייכט ניט קיין קליינע רעזולטאטען. כמעט איינשטימיג איז אנגענומען געווארען דער בעשלוס, אז די קאלאניסטען דארפען פון דער ערד ניט אבגעריסען ווערען און אז מיר דארפען אלעס אנווענדען, אום דורכצופיהרען זייער פערלאנג, זיי פון ארץ ישראל ניט ארויסצולאזען. דער דאזיגער בעשלוס, וועלכער איז געוויס דער איינציג מעגליכער און גערעכטער, קען אבער דורכגעפיהרט ווערען נור מיט הילף פון גרויסע סומען געלד, וועלכע שטייגען א סך אריבער די הכנסות פון אדעסער קאמיטעט. זיין קענען איז צו שוואך אין פערגלייך מיט דעם, וואס עס ווערט פערלאנגט.

נאך שארפער איז ארויסגעטרעטען די ווייטקייט פון וועלען און קענען אין דער פראגע איבער די ארבייטער. אויך אין די בעראטהונגען איבער זייער לאגע האט געהערשט א זעלטענע אחדות אויף דער אסיפה. אלע האבען געפיהלט, אז געגען די ארבייטער אין ארץ ישראל זענען מיר אלע שולדיג, אז גרויס וועט זיין אונזער פערברעכען, וועלכען מיר וועלען בעגעהען געגען אונזער פאלק, ווען די ארבייטער וועלען מוזען נאך פיעל יאהרען ארבייט פערלאזען דאס לאנד. די אסיפה האט זיך טאקי דערום ווארם אנגענומען פאר די ארבייטער און איז געווען בעלעבט פון דעם וואונש זיי צו העלפען. אין דער לעצטער צייט איז געפלאנט געווען צו בויען אין ארץ ישראל פאבריקען און איינצוריכטען הויזאינדוסטריען, וואו

מען האט גערעכענט מיט ניט קיין גאנץ גרויסע מיטלען געבען חיונה אלע ארבייטער. דא ענטשטעהען אבער ווידער נייע שוויריגקייטען: די ארבייטער פערנעהמען זיך שוין פון וויפיעל יאהרען ביי ע״ד, נאך פיעל מאטערניש זענען זיי געוואָרען פון סוחרים און הענדלער גוטע ארבייטער, וועלכע האבען ליעב געקראגען זייער ארבייט, — און איצט זאלען מיר דען די גאנצע ערוואָרבענע געניטקייט בטל מאכען און צוריק אבררייסען פון דער ערד די, וועלכע האבען שוין געקראגען א צובונד צו איהר. עס איז ניט איינמאל געזאגט געוואָרען, אז מעהר פון אלץ פעהלען אונז פאר די קאלאניזאציאן די פאסענדיגע מענשען, און איצט אז מיר האבען זיך שוין דורך פיעל מיה אזא מאטעריאל געשאפען, זאלען מיר עס דען צוריק צושטערען? און הוין דעם ליגט נאך איבערהויפט די גאנצע פראגע וועגען פאבריקאציאן אין ארץ ישראל אין א גרויסען ספק. עס איז שווער צו גלויבען, אז עס זאל קענען אבגילטען א פאבריקאציאן אין א לאנד, וואס איז אזוי ווייניג בעזעצט ווי פאלעסטינא. עס איז נאך אויך זעהר א גרויסע פראגע, צי מיר דארפען ארבייטען פאר פאבריקאציאן אין ארץ־ישראל, בעת דאס לאנד האט נאך אזוי ווייניג יודען און בעת די יודישע קאלאניזאציאן איז נאך אזוי שוואך. נאך ווייניגער קען גערעדט ווערען פון הויזאינדוסטרי פאר ארבייטער, ווייל דער שטאנד פון הויזאינדוסטרי אין פערשידענע לענדער ווייזט, אז זי קען נור זיין א הילפס־פרנסה ביי ערדארבייטער, אבער די גאנצע חיונה קען זי אין ערגיץ נישט געבען.

איבער די דאזיגע טעמים האט די אדעסער אסיפה זיך געמוזט אבשטעלען אויף דעם איינציג ריכטיגען בעשלוס — צו מאכען די ארבייטער פאר זעלבסטשטענדיגע קאלאניסטען און איינצופיהרען הויזאינדוסטרי נור ווי א הילפס־פרנסה צו דער ערדארבייט.

וואו זאל מען אבער נעהמען דערצו דאס נייטהיגע געלד? דער אדעסער קאמיטעט נעמט אויף זיך צוזאמצוברייינגען א סומע נור פון 200,000 פראנק (ניט רובל, ווי עס איז געווען אין אונזער פאריגען נומער), בעת פאר יעדע איינצעלנע פאמיליע דארף מען האבען לכל הפחות 15,000 פראנק, דער אדעסער קאמיטעט קען ביי זיין גרעסטער אנשטרענגונג בשום אופן ניט אויפברייינגען די נייטהיגע סומע, עס מוזען דערום געזוכט ווערען אנדערע הילפסקוועלען און דא ווענדען זיך ווידער אלעמענס אויגען צו דעם באראן ראטשילד און צו יק״א, דען ווי מיר ווילען ניט אנקומען צו פרעמדער הילף, וויפיעל מיר רעדען ניט געגען די רייכע און מעכטיגע אין אונזער פאלק, מוזען מיר דאך איצט מודה זיין אויף אונזער שוואכקייט און ארומקייט און מיט פערביטערטע הערצער געהן ווידער קלאפען אין די טיהרען, וועלכע מיר האבען פערמאכט מיט דעם בעשלוס ווייטער צוריק ניט צו קומען. מיט שטאָלץ האבען מיר גערעדט פון אונזערע אייגענע קרעפטען און מיר האבען געוואָרט, דאס די רייכע און די גרויסע וועלען גלייך מיט אלע אנדערע קומען צו אונז און אנטהייל נעהמען אין אונזער ארבייט. זיי זענען אבער צו אונז ניט געקומען, זייערע הערצער זענען ניט ווייכער געוואָרען און זייער פערשטענדניס פאר פאלקסזאכען איז ניט קלארער געוואָרען. אונזער שוואכקייט נייט אונז ווידער געהן צו זיי, צו די רייכע, און אין נאמען פון פאלק בעטען הילף פאר די, וואס ארבייטען פאר אונזער צוקונפט.

לאמיר האפען, אז די גרויסע דעפוטאציע, וואס וועט געשיקט ווערען אין גיכען קיין פאריז פון די אנגעזעהענסטע חובבי ציון און ציוניסטען, וועט ארויסרופען ביים באראן א גרעסערעס אינטערעס

# פעלעטאן.

## ראבטשיק.

(א יודישער הונט).

(א מעשה פאר יודישע קינדער).

פון

שלום־עליכם.

א.

ראבטשיק איז געווען א הונט א ווייסער מיט פלעקען, נישט קיין גרויסער, א מיטעלמעסיגער, א שטילער, נישט קיין אנחאפער; ער האט פיינט געהאט, ווי אנדערע, אנפאלען אויף יענעם פון הונטען, אבררייסען א פאלע אדער א בים טהון אין דער ליטקע. ער איז געווען צופריעדען אבי יענער זאל איהם ניט טשעפען. אדרבה איהם האט דערקוטשעט יעדער ווער עס האט נעהאט נאט אין הארצען. געבען ראבטשיקען א זעץ מיט א שטעקען פון אונטען, אדער דערלאנגען איהם מיט׳ן אבצאס אין זייט אריין, אדער ווארפען איהם א שטיינדיל אין קאפ אריין, אדער אויסגיסען אויף איהם א פאמעניצע — דאס איז געווען ביי יעדען א שפילכיל, כמעט א מצוה.

און ראבטשיק, אז ער האט בעקומען א קלאפ, האט ער זיך ניט אנידערגעשטעלט, ווי אנדערע הינט, אויסטענה׳ען זיך, אויסהאווקען זיך, בעווייזען די צייהן; ניין, ראבטשיק פלעג זיך ביי איטליכען קלאפ איינבויגען כמעט ביז דער ערד מיט א קוויטש: אי — אי! און אנטלויפען מיט איין אראבגעלאזטען וויידיל, זיך בעהאלטען אין א ווינקעלי, פערטיפען זיך אין געדאנקען און חאפען פליגען.

ב.

ווער איז געווען ראבטשיק? פון וואנען האט ער זיך גענומען? דאס איז שווער צו וויסען. עס קען זיין אז ער איז פערבליבען אין הויף נאך פונ׳ם אלטען פריץ. מעגליך אז ער איז פערבלאנדזעט געוואָרען, פערלארען זיין בעל הבית און צוגעשטאנען צו׳ם נייעם בעל הבית און פערבליבען אויף תמיד.

עס מאכט זיך אמאל, איהר שפאצירט אויף דער גאס, לויפט אייך נאך א פריבלאודנע הינטיל פים טריט. וואס איז דאס פאר א פריטשעפע? טראכט איהר זיך און הויבט אויף די האנד אויפ׳ן הינטיל: „פשאל וואן!" דאס הינטיל בלייבט שטעהן, בייגט זיך אוים ווי א מענש בשעת מען וויל איהם געבען א פאטש, און לויפט אייך נאך ווייטער. איהר בייגט זיך אן צו דער ערד, איהר טהוט א מאך מיט דער האנד, כלומרשט ווארפט איהר דעם א שטיינדיל. עס העלפט נישט. איהר בלייבט שטעהן און קוקט אויפ׳ן הינטיל; דאס הינטיל בלייבט שטעהן און קוקט אויף אייך; איהר קוקט זיך איינס דאס אנדערע אין די אויגען אריין אהן ווערטער. איהר טהוט א שפיי און לאזט זיך געהן, — דאס הינטיל לויפט אייך נאך. איהר געהט ארוים פון די כלים, איהר חאפט א שטעקען און צולאזט זיך אויף דעם מיט כעס, פאלט דאס הינטיל אויף איין עצה: ציהט זיך אוים אויף דער ערד מיט די פיסליך ארויף, ציטערט און קוקט אייך גלייך אין די אויגען אריין, ווי איינער רעדט: „נא! ווילסט מיך שלאגען? — שלאג!"...

אט פון דעם מין הינט איז געווען אונזער ראבטשיק.

ג.

ראבטשיק איז געווען א הונט ניט קיין נאשער. אין שטוב האט געמעגט ליגען געלד, האט ער זיך ניט צוגעריהרט. ראבטשיק האט געוואוסט אז דאס וואס אונטער׳ן טיש געהער צו איהם, און ווייטער איז ניט זיין עסק.

צו דער לאַגע אין ארץ ישראל און אז זי וועט דורכפיהרען ביי יק״א א געךעכטערע בעהאנדלונג פאַר די קאָלאָניזאַציאָנס־פראַגען אין ארץ ישראל נאָך דעם וואונש פון יודישען פאָלק.

די איבריגע החלטות פון דער אָדעסער אסיפה רופען אַרויס ביי אונז א גרעסערע בעפרידיגונג. נאָך פיעל יאהרען פונאַרבייט האָט מען ערשט נור איינגעזעהן דעם גרויסען שאָדען פון דער אדמיניסט־אַציאָן און יעדער קען דערום מיט דער גרעסטער פרייד בעגריסען דעם בע־שלוס פון אָדעסער קאָמיטעט, זיך צו סטאַרען מבטל צו זיין אין גאַנ־צען יעדע אדמיניסטראַציאָן און איבערצוגעבען די הנהגה אין די קאָ־לאָניעס אין די אייגענע הענד פון די קאָלאָניסטען. מיט דעם צוזאַמען איז אויך פערבונדען דער בעשלוס, אַז אין דעם ועד הפועל אין יפו זאָלען אנטהייל נעהמען די פערטרעטער פון די קאָלאָניעס. מיט דעם וועלען די קאָלאָניסטען אויפעטמען פרייער און קריגען מעהר השק אין זייער אַרבייט, וויסענדיג, אַז זייער גליק איז נור ביי זיי אַליין אין די הענד.

דיזעלבע צופרידענהייט רופט ביי אונז אַרויס דער בעשלוס פון דער אסיפה זיך מעהר אָבצוגעבען ווי ביז איצט מיט דער קולטוראַר־בייט אין ארץ ישראל. דער געזונטערער גייסט, וואָס וועט אַריינטרע־טען דורך די בעסערע ערציעהונג, וועט ברייגנען אַ געזונטערע אַרבייט אין אַלע זייטען פון לעבען. ארץ ישראל איז דאָס איינציגע לאַנד, וואו מיר קענען אין אונזער קולטוראַרבייט זיין גאַנץ זעלבסטשטענדיג; צו דער קולטוראַרבייט אין ארץ ישראל האָט דער אדעסער קאָמיטעט גענוג מיטלען, צו איהר איז ער אויך אם מעהרסטען פעהיג, און דאָ קען ער געפינען פאַר זיך אַ גרויסעס און אָפענעס פעלד, וואָס וועט ברייגנען פרוכטען ניט נור אין ארץ ישראל אַליין, נאָר אויך ווייט איבער איהר׳ע גרענצען אין אַלע גלות־לענדער.

י. ל.

# איבער דאס גאלדענע גהעטאָ.

III.

מיר האָבען אין דייטשלאַנד ווידער געהאַט אַ צָרָה׳דיגע וואָך. גאַנצע טעג האָט מען אין דעם דייטשען און אין פרייסישען פּאַרלאַמענ־טען נור גערעדט פון יודען. וואָס פערשטעהט איהר דאָ ניט? אַז מען רעדט אין דעם 20-סטען יאָהרהונדערט, אין דער הויכער ציוויליזאַציאָן, און נאָך אין דייטשלאַנד, אין דעם גרויסען קולטורלאַנד, פון יודען, מאַכט מען זיי אַוודאי קאָמפּלימענטען און מען ריהמט זייערע שְׁבָחִים. דאָס איז גאָר קיין נייעס ניט. מיר זענען שוין בָּרוּךְ הַשֵׁם אין דייטש־לאַנד געוועהנט צו דעם, אַז ווען די דעבאַטען ווערען אַביסיל לאַנג־וויילינ און מען וויל פרעהליך מאַכען דעם עולָם, הויבט מען אָן צו רעדען אַביסיל פון די יודען. דאָס געהערט ווי זאַלץ צו דער פּאָליטי־שער זופּ. איהר ווייסט דאָך וואָס אַ קלוגער מַגִיד טהוט, אַז ער זעהט, ווי דער עולם הויבט אָן צו הוסטען אָדער צו שלאָפען? ער גיט אַ גע־שריי: „איך וועל אייך דערצעהלען אַ מָשָׁל!“ אַז די דעפּוטאַטען ווערען מיד, מוז מען זיי דערפרישען מיט דעבאַטען איבער די יודענפראַגע. אָט וואָלט איהר זעהען, ווי אַלע חאַפען זיך אויף און ווערען פּלוצלינג לעבעדיג.

היינטיגעס מאָל האָבען די יודען אַליין אָנגעהויבען די דעבאַטען. איין יודישער דעפּוטאַט, הערר פּעלטאַזאָהן האָט געגעבען אַ פרעג דעם פּרייסישען יוסטיצמיניסטער, ווי קומט עס, אַז עס ווערט ליידיג אַ שטעל פאַר אַ נייעם נאָטאַר אָדער פאַר אַ ריכטער, נעהמט מען גאָר קיין יודען ניט אָן. אָט דאָס איז טאַקע אַ קלאָץ־קַשְׁיָא, ווארום אין די גרונדגעזעצען פון פרייסען שטעהט בְּפֵירוּשׁ געשריעבען, אַז די אֱמוּנָה פון איין בירגער טאָר קיין מְנִיעָה ניט זיין, אום צו קריגען איין שטעל. אָבער

אין דער יוגענד, זאָגט מען, איז ער אפילו יאָ געוועזען א שטיקיל חֶבְרָה־מאַן. ער האָט איין מאָל שיער ניט איבערגעשראָקען אויף טויט רַב אלי דעם שוחט, רב אלי דער שוחט איז געקומען קוילען די כַּפָּרוֹת (עֶרֶב יום כפּור איז דאָס געוועזען) און ראַבטשיק איז זיך געזעסען אין אַ ווינקעלי און האָט געקוקט, צו וואָס האָט מען דאָ אויסגעבונדען אַזוי פיעל עוֹפוֹת און וואָס וועט דאָ רב אלי טהון מיט זיי? רב אלי האָט געטהון דאָס וואָס אַלע טהוען מיט כפרות: ער האָט גענומען איין עוף נאָכ׳ן אַנדערען, פערריסען דאָס קעפּיל, אויסגעפליקט אַ צוויי דריי פעדערען אויפ׳ן העלזיל — חיק איבער׳ן גאָרגעל און אַ וואָרף פון זיך... דערווייל דאַרף זיך טרעפען אַ מַעֲשֶׂה: איין עוף איז געוועזען נישט גוט געבונדען, איז זיך מישב דאָס עוף, און קוקט נישט דערויף וואָס רב אלי האָט איהר איבערגעקוילעט דעם האַלז, און לאָזט זיך לויפען הענדום־פענדום אין דער וועלט אַריין. ראַבטשיק, וואָס איז גע־זעסען די גאַנצע צייט און האָט זיך געערגערט למאַי מע נעמט און מע ברענגט אום נעביך אומשולדיגע נְפָשׁוֹת, האָט זיך אַ לאָז געטהון מיט אמאָל צום געקוילעטען עוף מיט אַ געשריי:

— האַוו — האַוו! נאַריש עוף, וואוהין לויפסט דו? ביזט דאָך אַ געקוילעטע!..

רב אלי דער שוחט, וואָס איז פערטיפט אין דער ארבייט און האָט גאָר ניט געוואוסט אַז ס׳איז פאַראַן אַ ראַבטשיק אויף דער וועלט, האָט זיך אזוי דערשראָקען, אַז ער האָט אַ וואָרף געטהון דעם חַלָף און האָט זיך גע־לאָזט לויפען מיט אַ געשריי:

— גוואַלד, יודישע קינדער, ראַטעוועט! ראַטעוועט!!

פאַר אַזאַ חֲתוּנָה האָט ראַבטשיק נעהאַפּט שטעקענס מיט שטיינער וויפיעל ס׳איז אין איהם אריין.

ד.

דאָס איז געווען איין מאָל אַ מעשה. דאָס אַנדערע מאָל האָט זיך ראַבטשיק געפרובט אָוועקשלעפען פונ׳ם זאַלץ־ברעטיל אַ פיסעל פון אַ גאַנז, האָט דערזעהען ברייגע די קעכין, אַ יודינע מיט שוואַרצע וואָנצים, און האָט געמאַכט אַ געשריי: אַייזיק! אייזיק! איז געקומען צולויפען אייזיק, סאַמע אין דער מינוט וואָס ראַבטשיק האָט געוואָלט דורכלויפען מיט׳ן געגזענעם פי־סעל, האָט איהם אַייזיק צונעקוועטשט מיט דער טיהר, אַזוי אַז האַלב ראַב־טשיק איז געבליבען פון איין זייט טיהר, און די אַנדערע האַלב פון יענער זייט, און מע האָט זיך מיט איהם נוט אָבגערעכענט: פון איין זייט האָט איהם געשלאָגען אַייזיק איבער׳ן קאָפּ מיט אַ שטעקען, און פון דער אַנדערער זייט ברייגע מיט אַ שייט האָלץ און האָט ניט אויפגעהערט צו שרייען בשעת מעשה: „אייזיק! אייזיק!“

פון דעמאָלט אָן איז איהם פערבליבען אַ זכר: אַז מע איז צוגעגאַנגען צו איהם און אַ זאָג געטהון גלייך אין פּנים אַריין „אייזיק!“ — פלעג ער אַנט־לויפען וואו דער שוואַרצער פעפער וואַכסט.

ה.

מעהר פון אַלע איז איהם דערגאַנגען די יאָהרען פאַראַסקע; די פאַ־ראַסקע, וואָס האָט אונז געוואַשען גרעט, געשמירט די שטוב און געמאָלקען די בהמה.

וואָס האָט זי געהאַט צו ראַבטשיקען — איז שווער צו פערשטעהן; ער פלעגט איהר תמיד זיין גרוים אין די אויגען, און ווען זי פלעג איהם דערזעהען, פלעג זי ווערען אָנגעצונדען: „שאָב טובי חוואָראָבאָ, סאָפּאַקאַ נעווירנאַ!“... און ווי אויף צו לְהַכְעִיס פלעג ראַבטשיק ליעב האָבען דווקא פלאָנטען זיך איהר פאַר די פיס.

ביי דער ארבייט פלעג זיך פאַראַסקע אין איהם נוֹקֵם זיין ווי מיר אין המנ׳ען: האָט זי געוואַשען גרעט, פלעג זי איהם אָבגיסען מיט אַ קאַלט שעפּיל וואַסער. ראַבטשיק האָט פיינט געהאַט אַזאַ באָד, פלעג ער זיך נאָכדעם דאַרפען לאַנג אָבטרייסלען. האָט זי געשמירט די שטוב, פלעג זי

דער מיניסטער שענשטעדט איז איין גרויסער חריף, ער גיט זיך איין עֵצה. איהר מיינט עפּיס, אַז מען קען נור מאַכען פּשט׳ליך צו דער גמָרא? ניין, מען קען טאַקע מאַכען אַ פּלפּול איבער געזעצען אויך. דער מיניסטער האָט געפונען אַ גוטען תּירוץ: "די זאַך איז גאָר פּראָסט — זאָגט ער — אין די גרונדגעזעצען שטעהט דאָך נור, אַז איין יוד מעג ווערען איין ריכטער, אָבער וואו שטעהט דען געשריעבען, אַז ער מוז דאָס ווערען?" איהר פערשטעהט אַ חָכמה? אַז דאָס וואָלט ניט געוועזען אַנטקעגען די יודען, וואָלט איך געזאָגט "אַ יודישער קאָפּ". אָט מיט אַזאַ פּירוש קען מען מאַכען פון די גלייכע רעכטע אַ האָהן, און אַלסדינג, וואָס שטעהט אין די געזעצען, איז בָּטל וּמבוּטל. אין געזעץ שטעהט דאָך נור, אַז איין יוד קען לעבען, אָבער וואו שטעהט דאָס עפּיס, אַז ער מוז לעבען?

דער קלוגער מיניסטער האָט אויך זיין סיסטעם גרינדליך דערקלעהרט. "עס איז דאָך ידוע — זאָגט ער — אַז די קריסטען גלויבען דעם יודען ניט און טרויען איהם ניט, און אַזוי ווי איין ריכטער און איין נאָטאַר מוז דאָך ווערען פערעהרט פון דעם גאַנצען פאָלק, ־על כּן מוז איך זעהן צו מאַכען קריסטליכע ריכטער און קריסטליכע נאָטאַרען". אַי איז דאָך די ־קשיָא: טו פאַר וואָס מאַכט מען קאַטוילישע ריכטער אין פּראָטעסטאַנטישע שטעדט און פּראָטעסטאַנטישע ריכטער אין קאַטוילישע שטעדט? און פאַר וואָס פרעגט מען טאַקע ניט, אַז מען מאַכט אַ נייעם ריכטער, צוערשט דעם עולם, ער זאָל געבען זיין הַסכָּמה דערצו? אָבער פערשטעהט איהר, דאָס איז ווידער איין אַנדער זאַך, און יודען — דאָס איז ווידער איין אַנדער זאַך. דער מיניסטער האָט אויך איין אַנדער טַעֲנה: "געוואָלט וואָס צעפּעט איהר זיך צו מיר? אַז אַנדערע מיניסטער ווילען ניט האָבען קיין יודען, טו פאַר וואָס זאָל איך וועלען יודען? אַז יודען קענען ניט ווערען קי׳ן אָפּיציערען און קיין פּאָליציייבעאַמטע, קיין לעהרער און קיין אייזענבאַהנבעאַמטע, טו פאַר וואָס זאָלען זיי דַוקא ווערען ריכטער?" נו, איז ער דאָך געוויס גערעכט.

אָבער די ליבעראַלען האָבען זיך צוקאָכט און צורודערט איבער די שענע דְרָשה פון מיניסטער און האָבען געשריען פון גלייכע רעכטע און פון פרייהייט. דער מיניסטער האָט זיי אָנגעקוקט און געלאַכט. גלייכע רעכטע? פרייהייט פאַר יודען? וואָס זענען דאָס פאַר משוּנה׳דיגע ווערטער? עפּיס אַ פּנים, די ליבעראַלען חלומ׳ען נאָך זייערע אַלטע חֲלוֹמוֹת!

און באמת, וואָס מאַכט מען דאָ פאַר אַ געשריי? עס איז דאָס עפּיס אַ נייע זאַך, וואָס? האָט מען דאָס ניט שטענדיג אַזוי געמאַכט אין פּרייסען מיט די יודען? דער מיניסטער האָט נור געטהון אַ נאַרישקייט, וואָס ער האָט אויסגעזאָגט פון חֶדר. מיר ווייסען טאַקע אַלע דעם סוֹד, אַז די געזעצען זענען דאָ, שען אויף דעם פּאַפּיער, אָבער אין לעבען האָבען זיי אין פּרייסען פאַר דעם יודען גאָר קיין ווערט ניט. עס איז געוואָרען אַ מאָדע אין דער וועלט, צו רעדען פון גלייכע רעכטע און פון מענשענליעבע, האָט פּרייסען געמוזט מיטמאַכען די מאָדע און האָט געגעבען די יודען אַלע רעכטע — אויף דעם פּאַפּיער. דאָס איז שען און קאָסט גאָר ניט. מען האָט געגעבען נייע געזעצען און געלעבט האָט מען גאָר ווי פריהער. די נאַרישע אַנטיסעמיטען שרייען, אַז מען זאָל ענדערן די געזעצען וועגען יודען. די רעגיערונג זאָגט: ניין, צו וואָס? מיר לאָזען די געזעצען ווי זיי זענען און — מיר טהון וואָס מיר ווילען. תּוֹרה לְחוּד וַעֲבוֹדָה לְחוּד. די טהעאָריע בלייבט טאַקע, נאָר די פּראַקטיקע איז אַביסיל אַנדערש.

אָט האָט איהר געוואָלט זעהן, ווי די פּרייסישע יודען האָבען זיך אויפגערעגט. זיי האָבען געמאַכט פּראָטעסט־פערזאַמלונגען און האָבען

---

איהם פערפּליאַסקען דאָס פּנים מיט ווייסע ליים, ער זאָל זיך נאָכדעם בעלעקען אַ שעה כּסדר. האָט זי נעמאָלקען די בהמה פּלעג זי איהם מכבד זיין מיט אַ שייט האָלץ איבער די פיס. ראַבטשיק האָט זיך אויסגעלערענט שפּרינגען; אַז ס׳איז געפלויגען אַ שייט האָלץ פלעג ער קונציג איבערשפּרינגען איבער דעם ווי אַ מויק.

איין מאָל האָט ער פון אַזאַ כּבוד נעהאַפּט אַ מאוסען פּסק; פּאַראַסקע האָט איהם געוואָרפען אַ שייט האָלץ און געטראָפען אין דער פעדערשטער פוס, האָט ראַבטשיק זיך צושריגען ניט מיט זיין קול, גאָר מיט אַ מאָדנעם קוויטש; "אי־אַי־אי־איאיאי! מע איז זיך צונויפגעלאָפען פונ׳ם גאַנצען הויף. ראַבטשיק האָט דערזעהן מענשען, האָט ער זיך אָנגעהויבען פעסמען, בעוויזען איטליכען דאָס איבערגעבראָכענע פיסעל, ווי איינער רעדט: "נאַט, זעהט וואָס זי האָט מיר געטהון פּאַראַסקע!"... ראַבטשיק האָט געמיינט, אַז מע וועט זיך מסתמא אָננעמען זיין קריוודע און פּאַראַסקען וועט מען געוויס קעפּען פאַר אַזאַ מעשה.

צום סוֹף איז נאָר צווישען עולם געוואָרען אַ געלעכטער; ברײנע מיט די וואָנצים איז אַרויסגעפלויגען פון קיך מיט אַ פּאָלאָניק און האָט זיך אַ שמיר געטהון איבער דער נאָז פון אונטען ארויף מיט׳ן נאַקעטען עלענבויגען: "איבער נעבראָכען דעם שלים מזל אַ פוס? זעהר רעכט!"... אויך די קונדייסים, די ווייסע־חברה־ניקעס זענען זיך צונויפגעלאָפען און האָבען גענומען שרייען אויף ראַבטשיקען און פייפען. איז אָנגעקומען פּאַראַסקע און האָט איהם צורעכט געמאַכט דאָס מול: זי האָט איהם אָבגעגאָסען מיט אַ קריגיל זידיג וואַסער, האָט ראַבטשיק אויפגעהויבען אַ גוואַלד מיט אַ קוויטשעריי: אי אַי אַי! אי־אַי־אַי! אַי־אַי־אַי!... בשעת מעשה געשפּרונגען און געדרעהט זיך, געביסען זיך אַליין דעם ווידיל און ניט אויפגעהערט צו געוואַלדעווען מיט אַזעלכע קולות אַז צווישען די ווייסע־חברה׳ניקעס איז דאָס געלעכטער געוואָרען נאָך גרעסער, מע האָט דערזעהען ראַבטשיקען טאַנצען אויף דריי פיס, האָט מען אויסגעבטלט אַלע בייזע חלומות אויף זיין קאָפּ און געשענקט איהם אַפּאָר גוטע שטעקענס. ראַבטשיק האָט זיך געלאָזט לויפען מיט אַ קוויטש, געקאָוליעט זיך און געקאַטשעט איבער דער ערד, און ווייסע־חברה־ניקעס זענען איהם נאָכגעלאָפען מיט שטעקליך און מיט שטיינדליך, געהוקעט, געפּייפט און געטיוקעט און פערטיוקעט איהם ווייט ווייט פון דער שטאָדט אַרויס, אַוש אויף יענער זייט מיהלען.

ו.

ראַבטשיק איז געלאָפען מיט דער דֵעה, אַז צוריק אין שטאָדט אַריין זאָל ער שוין נישט קומען קיין מאָל ווייל ער וועט לעבען! און געלאָפען איז ער אין דער וועלט אַריין, וואו די אויגען וועלען טראָגען. געלאָפען־געלאָפען און געקומען צולויפען אינ׳ם ערשטען דאָרף אַריין, האָט ער זיך בעגעגענט מיט די דאָרפישע הינט. די דאָרפישע הינט האָבען איהם אַרומגעשמעקט פון אַלע זייטען.

— ברוּך הַבּא — אַ הונט! פון וואַנען קומט מען און וואָס איז דאָס ביי דיר אַ צאַצקע אויפ׳ן רוקען? עפּיס ווי אויסגעסמאַלעט אַ שטיק פעל סאַמע אין מיטען?

— עך! פרעגט שוין נישט! — מאַכט צו זיי ראַבטשיק מיט אַטרויעריגער מינע — אַ סך צו דערצעהלען, נישטאָ וואָס צו הערען. איז ניט מעגליך ביי אייך איבערצונעכטיגען אַ נאַכט?

— אָך, מיט׳ן גרעסטען כבוד! — זאָגען די דאָרפישע הינט — דער "אין דרויסען" איז געגוג גרויס און דער "אונטערען הימעל" איז נאָך גרעסער.

— ווי אַזוי איז דאָ ביי אַייך מיט דער אכילה? — פרעגט ראַבטשיק — מיט וואָס שטילט איהר דעם הונגער, אַז דער מאָגען מאָנט מזונות?

— עט! נישט צו פערזינדיגען! — מאַכען די דאָרפישע הינט — פּאַמעניצעם איז פאַראַן אומעדום, און צום פלייש האָט גאָט בעשאַפען ביינער, אַ דאגה, לאָזען זיי עסען פלייש, די בעלי־הבתים, וועלען מיר האָבען ביינער, אַבי, ווי זאָגט איהר, פערשטופען די קישקע.

געהאלטען גרויסע רעדען און האבען געשריען, אז זיי ווילען דאס ניט צולאזען. און די בערלינער ציוניסטען מאכען טאקע דיזעלבע חכמה! געוואלט, פרעג איך אייך, האט איהר ביז איצט געשלאפען? ווייסט איהר גאר ניט, וואס אין די לעצטע 20 יאהר איז געשעהען? וואס מאכט איהר זיך נאריש? ווייסט איהר דען ניט, דאס דער גייסט פון פינסטערניש זיצט אויך אין פארלאמענט און די רעגירונג טהוט וואס זי וויל. די פאר ליבעראלען קענען נור רעדען, ווייטער גאר ניט. ווארום איהר האט דאך געזעהען, אז ניט נור די קאנסערוואטיווע און די קאטויליקען זענען געוועזען גרייליך צופריעדען מיט דעם מיניסטער, נאר אפילו די נאציאנאלליבעראלען. די גרויסע מעהרהייט האט אנגענומען א בעשלוס, דאס זי האפט אז דער יוסטיצמיניסטער וועט אייך ווייטער אזוי זיך בעגעהן מיט די יודען ווי ביז איצט.

עס איז טאקע אמת, אין פרייסען זענען טהעאריע און פראקטיקע 2 בעזונדערע זאכען און די געזעצען און די האנדלונגען פון דער רעגירונג קענען זיך אזוי פערטראגען מיט איינאנדער ווי פייער און וואסער. אבער מיינט איהר, אז די רעגירונג וואלט די יודען אזוי בעהאנדעלט, ווען זי וואלט ניט געוואוסט, אז 95 פראצענט אין פאלק איז דערמיט צופריעדען. יעדעם פאלק האט די רעגירונג, וועלכע עס פערדיענט. די פרייסישע רעגירונג פאסט גאנץ גוט צו דעם פרייסישען פאלק. עס איז איין אלטע מעשה: איין פרייער גייסט מיט שלעכטע געזעצען איז בעסער ווי גוטע געזעצען מיט א פינסטערען גייסט.

דער דייטשער פארלאמענט האט ווי עס ווייזט אויס עפיס דעם פרייסישען פארלאמענט שטארק מקנא געוועזען. אט פאר וואס זאלען זיי זיך דארטען פרעהליך מאכען, און מיר זאלען אונז דא לאנגוויילען?

זענען געקומען די אנטיסעמיטען און האבען דא אויך געמאכט א גרויסע יודענדעבאטע און איבער וואס האט מען גערעדט? איבער עלילת דם. אז טאקע א יודענדעבאטע, טו זאל זי חאטש זיין א פעטע. די אנטיסעמיטען האבען נעביך נעקלאגט, אז די רעגירונג האט די יודען צו ליעב און זיי, די גערמאנען, בעהאנדעלט מען גאר שלעכט. א קאזאק א נגזל! ווארום עס איז דאך טאקע אונרעכט, אז מען קלאגט ניט אן אלע יודען אין קאניטץ און אין אלעשטעדטליך ארום פאר מערדער. אז יודען אין גהעטא געברויכען בלוט אויף פסח איז וויסענשאפטליך אזוי קלאהר ווי צוויי מאל 2 איז 4, ווארום אהן בלוט שמעקען די מצות גאר ניט. לכן מוז מען, ווען מען געפינט ערגעץ וואו איין טויטען, אלע יודען פערברענען. אט האט מען גערעדט 2 טעג אין פארלאמענט פון די יודען און פון עלילת דם, און די אנטיסעמיטען און זייערע פריינד, די קאנסערוואטיווען, האבען געקליבען נחת. מען האט געהאלטען לאנגע דרשות איבער די יודישע רעליגיאן און איבער בלוטמארד און מען האט געקלאגט, אז די יודען אונטערדריקען און זענען רודף די גאנצע וועלט. איהר זאלט חס וחלילה ניט פערגעסען אז מיר לעבען ניט אין יאהר 1301, נאר אין יאהר 1901 און ניט אין מאראקא, נאר אין דעם געבענטשטען דייטשלאנד.

אט זעהט מען דאך בעשיינפערליך, אז עס איז גאר ניטא קיין יודענפראגע און אז מען דארף גאר קיין ציוניזם ניט, ווארום בערלין איז ירושלים און פרייסען איז ציון. ווער עס רעדט פון איין אנדערער יודישע צוקונפט, איז א פראסטאק, וואס ווייס גאר נישט פון קולטור און ציוויליזאציאן. און דערווייל פערשטעהט איהר קריגען ברוך השם די יודישע מיידליך קריסטליכע גראפען און באראנען פאר חתנים. זיי מוזען טאקע דערפאר בעצאהלען פיעל געלד, נו מילא געלד, ווער רעדט פון געלד? אבער מען אסימילירט זיך דאך. די קינדער קריגען נאך א לאנגע

— נו און די בעלי־בתים ווי אזוי זענען עפים ביי אייך? פרעגט ווייטער ראבטשיק און טהוט א דרעה מיט'ן ווײדיל, ווי איינער וואס וויל אויספרעגען, אויספארשטען.

— די בעלי בתים זענען בעלי בתים — מאכען די דארפישע הינט און פערשלאגען די רייד.

— נו און פאראסקע? — מאכט ראבטשיק.

— וואסער פאראסקע? — פרעגען די דארפישע הינט.

— אט די פאראסקע — זאגט ראבטשיק — וואס וואשט נרעט, שמירט די שטוב און מעלקט די בהמה. איהר קענט ניט פאראסקען?

די דארפישע הינט שטעהען, קוקען אן ראבטשיקען ווי א חסר־דעה'ניק: "וואס פאראסקעט ער אונז?" זיי שמעקען איהם נאך א מאל ארום פון אלע זייטען און צוגעהען זיך איינציגווייז איטליכער אויף זיין מיסט.

ז.

"אט די גליקליכע הינט!" טראכט זיך ראבטשיק און ציהט זיך אויס אויף גאטס ערד, אונטער גאט'ס הימעל און וויל חאפען א דרימעל; נאר עס שלאפט זיך ניט. ערשטענס די אבגעבריהטע פעל; עס שמארצט איהם און עס בייסט איהם מיט סכנות נפשות! און די פליגען דעקוטשען איהם זעהר שטארק, ס'איז פון זיי נישט אבצוטרייבען זיך! צווייטענס בורטשעט איהם אין בויך; ער וואלט א בעלן נעוועזען עפיס קייען, איז נישט דא וואס; מע מוז צו ווארטען ביז אין דערפריה, און דריטענס לאזען איהם ניט שלאפען די מחשבות פון דעם וואס ער האט זיך אנגעהערט צווישען די דארפישע הינט, נישטא ביי זיי קיין שוחטים וואס קוילען עופות, קיין אייזיקס וואס קוועטשען צו מיט א טיהר, און שלאגען נאכדעם מיט א שייט האלץ, ניטא ביי זיי קיין פאראסקעס וואס גיסען אב מיט זידיג וואסער, ניטא ביי זיי קיין ווייסע חברה'ניקעס, וואס ווארפען שטעקענס, פייפען און טיוקען און פערטיוקען, גליקליכע הינט אויף דער וועלט! און איך האב געמיינט אז נור דארט איז א וועלט. א ווארם ליגט אין חריין און מיינט ס'איז קיין זיסערס נישטא.

ראבטשיק ווערט אנשלאפען און עס חלומט זיך איהם א פאמעניצע, א גרויסע, א פולע מיט שטיקליך ברויט, קישקעליך, אדערען פון פלייש, רעטשענע קאשע אויסגעמישט מיט הירזש און מיט פאסאלים, און ביינער ביינער — א גאנצער אוצר! ביינער פון קנעכליך, ביינער פון ריפ, ביינער מיט מארך און ביינדליך פון פיש אין קעפליך פון הערינג גאנצע, נאך ניט קיין אויסגעסמאצקעטע. ראבטשיק ווייסט ניט פון וואס זאל ער אנהויבען פריהער.

— ברוכים היושבים! — מאכען צו איהם די דארפישע הינט און קוקען פון דערווייטען, ווי ער נרייט זיך צו דער סעודה.

— קומט עסען! — זאגט ראבטשיק נלאט אזוי פון יוצא וועגען.

— עס נעזונד! זאגען די דארפישע הינט גאנץ פריינדליך.

פלוצים דערהערט ער א קול נלייך אין אויער אריין: "אייזיק!"

ראבטשיק חאפט זיך אויף — ס'איז נאר א חלום! . . .

אין דער פריה האט זיך ראבטשיק געלאזט איבער די הויפען, געזוכט א פאמעניצע, א שטיקיל סעכער, א ביינדיל. נאר וואו ער קומט איז פערנומען אלע ערטער.

— קאן מען ביי אייך נישט איבערבייסען? — פרעגט ראבטשיק.

— דא? ניין! אפשר אינ'ם אנדערען הויף . . .

ראבטשיק לויפט פון איין הויף אינ'ם אנדערען. אומעדום דאס אייגענע ליעדיל. איז ער זיך מישב וואס וועט ער ווארטען אויף דרך־ארץ? אמעהר וועט ער צוגעהן און וועט א חאפ טהון וואס עס וועט זיך לאזען נאר ביים ערשטען "חאפ" האט ער געחאפט פון די דארפישע הינט אמאוס'ן פסק: פריהער האט מען אויף איהם אנגעהויבען קוקען בייז, הורשטען און בעווייזען ציינער, און נאכדעם זענען עטליכע מיט א מאל אנגעפאלען אויף איהם, געריסען און געביסען, איהם געמאכט א תל פונ'ם ווײדיל, ארויסגעמשלח'ט מיט כבוד ביז אויף יענער זייט ראגאטקעס.

(ענדע קומט).

גאַז פון דער מאַמען, דערפאַר אָבער בלאָנדע האָר פון טאַטען, און די קינדער פון די קינדער וועלען טאַקע זיין גאַנצע דייטשען און וועלען לאַכען פון יודען און זיי פיינט האָבען. נאָר וועלען זיי זיך מוזען היטען אין גימנאַזיום ניט צו זיין פעהיג און פלייסיג, וואָרום דערפון וועט מען דערקענען, אַז זיי שטאַמען דאָך אָב פון יודען.

לאַכט ניט, — דאָס איז אַ ביטערער אמת. געהיימראַט פראָפעסאָר דר. יעגער אין קעלן, איין גרויסער פעדאַגאָג און דער פיהרער פון דער ליבעראַלער פאַרטיי האָט געשריעבען איין גרויסען אַרטיקעל איבער די אַלטע און די נייע גימנאַזיען און האָט נאָכגעוויזען, אַז עס איז טאַקע אַ גרויסע עַוְלָה פון די יודישע שילער, וואָרום וואו זיי זענען אין גרויסער צאָהל, דאָ נעהט די שולע גוט. עס איז דאָך טאַקע אַ חוצפה פון די יודען, ווי קומען זיי צו זיין קליגער און טאַלענטירטער ווי די דייטשען? אַז די יודען זענען שלעכט, אַט דאָס נעהט נאָך, אָבער אַז זיי זענען פלייסיג און פעהיג, — דאָס איז גאָר ניט אויסצוהאַלטען. און דער הערר פראָפעסאָר איז קיין אַנטיסעמיט, ווי ער זאָגט, ניין חַס וְחָלִילָה, אָבער עס איז דאָך שרעקליך, אַז אין פראַנקפורט אַם מיין אין דעם נייעם רעפאָרם-גימנאַזיום זענען איין דריטעל יודישע שילער און דורך זיי קריגט דאָס גימנאַזיום איין גוטען נאָמען.

איך זאָג אייך, עס איז איין תַּעֲנוּג צו לעבען אַם אַנפאַנג פון דעם ליכטיגען 20-סטען יאָהרהונדערט און בִּפְרָט אין דייטשלאַנד, וואו מען וויים נאָר ניט מעהר פון קלאַסען און פון נאַציאָנען, פון פיינדשאַפט און פון אינטאָלעראַנץ, וואו מען עסט די ציוויליזאַציאָן מיט לעפעל און מען טרינקט די מענשענליעבע אין גרויסע גלעזער.

קאַרלסרוהע. פאַביום שאַך.

# פאָליטישע איבערזיכט.

א רוסישער קאָנטראַקט מיט חינא. — די מלחמה אין טראַנסוואַל. — די פאָליטישע דעבאַטען אין דייטשלאַנד. — דער עסטרייכישער פאַרלאַמענט. — איין אַנפאַל אויף דעם דייטשען קייזער.

אין די פערהאַנדלונגען מיט חינא איז ווידער אַריינגעטרעטען אַ וויכטיגע פערענדערונג. רוסלאַנד האָט זיך אָבגעטהיילט פון די איבריגע פעראייניגטע מלוכות און פיהרט די פערהאַנדלונגען אליין. די איינצעלהייטען פון דעם בעזונדער קאָנטראַקט צווישען רוסלאַנד און חינא זענען נאָך ניט גענוי בעקאַנט, מען וויים נור די דאָזיגע פאָדערונגען, וואָס זענען געשטעלט געוואָרען פון רוסישער זייט: מאַנדזשוריען בלייבט אַ חינעזישע פראָווינץ, די ציווילבעאַמטע בלייבען חינעזער. חינא דאַרף זיך אָבער אָבזאָגען פון איהר רעכט צו האַלטען חיל אין מאַנדזשוריען. אין לאַנד בלייבט נור רוסישער מיליטער. חינאַ פערלירט דאָס רעכט צו געבען וואָס עס איז פאַר קאָנצעסיעס (צו בויען באַהנען, צו בעראַרבייטען א. ז. וו.) אויסער רוסישע אונטערטהאַנען. דער רוסישער חיל וועט בלייבען אין מאַנדזשוריען ביז עס וועט ניט אין גאַנצען געזיכערט ווערען די רוהע און שלום אין לאַנד.

די איבריגע פעראייניגטע מלוכות ווילען נאָך אַלץ אַנווענדען, אום צו שטערען חינא אָנצונעהמען די רוסישע פאָדערונגען. יאַפאַן און ענגלאַנד האָבען מודיע געווען דער חינעזישער רעגירונג, אַז אויב זי וועט נור נאָכגעבען רוסלאַנד, וועלען זיי אויך פאַר זיך פערלאַנגען דיזעלבע קאָנצעסיעס. רוסלאַנד אָבער שטעהט פעסט ביי איהר פאָדערונג, זאָגענדיג, אַז מאַנדזשוריען האָט זי מיט איהר אייגענעם חיל אַליין איינגענומען און אַז חינא האָט די מלחמה אַרויסגערופען גאָר אָהן אַ שום סבה פון איהר זייט, דערום האַלט זי פאַר ריכטיג אַליין אָהן פרעמדע פאַר־צולעגען חינא איהרע פאָדערונגען. דערמיט ווערט די חינעזישע פראַגע ווידער פערפלאָנטעוועט, עס איז אָבער צו האָפען, אַז די איבריגע מלוכות וועלען נאָכגעבען און וועלען אָננעהמען פאַר גוט דאָס, וואָס זיי קענען ניט איבערמאַכען, ווייל רוסלאַנד וועט געוויס איהרע פאָדערונגען דורכזעטצען, ווייסענדיג גאַנץ גוט אַז צוליעב מאַנדזשוריען וועט קיינער מיט איהר ניט אָנהויבען קיין מלחמה.

נעהנטער דערפאַר ווערט אַלץ דער סוף פון די מלחמה אין טראַנסוואַל. דעוועט האָט געמוזט פערלאָזען קאַפּלאַנד און זיך אומקערען צוריק קיין אָראַניען און באָטהאָ'ס חיל ווערט וואָס ווייטער אַלץ מעהר צושמאָלצען. וואָס ווייטער ווערט די בויערען אַלץ שווערער זיך צו האַלטען, זייער חיל איז אַזוי אָבגעשוואַכט געוואָרען, אַז די ענגלענדער האָבען געפונען פאַר מעגליך שוין איינצופיהרען די ענגלישע פערוואַלטונג אין טראַנסוואַל און אָראַניען. דער ענגלישער גובערנאַטור מילנער אין שוין געקומען קיין פרעטאָריע און האָט איבערגענומען די פערוואַלטונג איבער די ביידע רעפובליקען.

די פריינדליכע געפיהלען צו די בויערען האָבען איצט זעהר וואָרם אויסגעדריקט פערשידענע פאַרטייען פון דייטשען פאַרלאַמענט אין דער אַנפראַגע, וואָס עס איז געמאַכט געוואָרען ביים קאַנצלער ביולאָוו איבער די דייטשע פאָליטיק. אַלע רעדנער, וועלכע האָבען זיך נור געמעלדעט צום וואָרט, האָבען אויסגעדריקט זייער בעוואונדערונג, וואָס די פאָליטיק פון דעם דייטשען קייזער געהט געגען די ווינשען און פאָדערונגען פון פאָלק. בעת דאָס פאָלק דריקט ביי יעדער געלעגענהייט אויס זיינע פריינדשאַפטליכע געפיהלען צו די בויערען און שנאה צו די ענגלענדער פאַר די אונגערעכטע מלחמה, האָט דער קייזער געפונען פאַר מעגליך צו פערבלייבען אַ לאַנגע צייט אין ענגלאַנד און אויך געבען איין אָרדען דעם ענגלישען פעלדמאַרשאַל ראָבערטס'ען. גראַף ביולאָוו האָט נעענטפערט, אַז דעם קייזערס פערבלייבען אין ענגלאַנד האָט קיין פערענדערונג אין דייטשלאַנדס פאָליטיק ניט אַרויסגערופען, קיין נייער בונד מיט ענגלאַנד איז ניט געשלאָסען געוואָרען, די בעציהונגען מיט ענגלאַנד זענען פריינדליך, אָבער אין דער פריינדשאַפט וועט זי אויף קיין האָר זיך ניט אָבזאָגען פון איהרע אייגענע אינטערעסען. דער קייזער איז געפאָהרען קיין ענגלאַנד נור ווי אַ אייניקעל, וואָס האָט געאיילט צו זיין גראָסמוטער, און ווען ער איז דאָרט לייגער פערבליבען, איז עס נור צו צושרייבען זיינע געפיהלען, וועלכע פערבינדען איהם מיט דעם ענגלישען קעניגליכען הויף. דער קייזער אָבער, האָט ווייטער געזאָגט גראַף ביולאָוו, איז גאַנץ ווייט פון דעם אַריינצוטראָגען אין די פאָליטיק פאַמיליענאינטערעסען, אין אַלע זיינע אַרבייטען האָט ער נור דעם צוועק צו בריינגען נוצען זיין פאַטערלאַנד.

ביי די ויכוחים איז אויך בעריהרט געוואָרען די פראַגע וועגען די בעציהונגען מיט רוסלאַנד. דאָ האָט דער קאַנצעלר מיט פעסטער שטימע ערקלערט, אַז ער האַלט פאַר נייטהיג צו העכערען די אָבצאָהלונגען אויף פרעמדעס געטריידע, ווייל די רעגירונג קען זיך ניט אָבזאָגען פון איהר חוב צו שטיצען די דייטשע לאַנדווירטשאַפט. פאַר דער רעגירונג, האָט ער געזאָגט, זענען, אַלע פאַרטייען גלייך, זי דאַרף שטעהען איבער אַלע פאַרטייען און זעהען צו בעפרידיגען אַלע פאָדערונגען. ווען די לאַנדווירטשאַפט פערלאַנגט העכערע אָבצאָהלונגען און די פאַבריקאַציאָן און די קלאַסע אַרבייטער פערלאַנגען דעם פרייען האַנדעל, מוז די רעגירונג געפינען אַ פשרה צווישען ביידע פאָדערונגען. ער האָפט, האָט דער מיניסטער געענדיגט, אַז די פערענדערונגען אין די טאַריפען וועלען די

פריינדשאפט מיט רוסלאנד ניט צורייסען און אז עס וועט נאך אויך ווייטער מעגליך זיין האנדעלס קאָנטראַקטען מיט רוסלאנד אפילו ביי העכערע אבצאהלונגען אויף רוסישען ברויט. יעדענפאלס וועט זיך דייטשלאנד ניט לאָזען איינשרעקען און זי וועט אויך גענען רוסלאנד פיהרען אַ זעלבסטשטענדיגע פּאָליטיק, אין וועלכער זי וועט נור אין זינען האבען די אינטערעסען און דעם נוצען פון דעם דייטשען פּאָלק.

די רעדע פון גראף ביולאוו איז אָנגענומען געוואָרען מיט גרויס בייפאַל. אַלע ציטונגען וואונדערען זיך אויף די פעהיגקייט פון דעם גראפען צו האַלטען אַלע פארטייען פאר די לייצעם און זיי איינצושטילען אין דער גרעסטער אויפרעגונג.

אין עסטרייך האָט זיך איינגעגעבען דעם מיניסטער קע־בער צו פּועל'ען ביי די טשעכען, זיי זאָלען זיך אָבזאָגען פון די סקאַנדאַלען אין פארלאמענט. אויף אזא אופן וועט אויף איינינע צייט איינטרעטען אָרדענונג אין עסטרייכישען פארלאמענט און די מעגליכקייט צו פערהאַנדלען איבער דאס געזעץ וועגען רעקרוטען און איבער דאס פערהערען פון אָבצאהלונגען אויף בראַנפען. מיט וואָס דער מיניסטער האָט איינגעשטילט די טשעכען, ווייס מען ניט אויף קלאר, נאָר מען רעכענט, אַז ער האָט זיי צוגעזאָגט די הילף פון דער רעגירונג ביי פערשידענע ווירטשאַפטליכע געזעצען, וואָס זענען נוגע דאס טשעכישע לאַנד בעהמען, ווי ביי שטיצע אויף בויען אייזענבאַהנען, אויף פערטיפען די טייכען א. ז. וו.

דער דייטשער קייזער האָט ווידער געהאַט דאס גליק ניצול צו ווערען פון אַ גרויסער סכנה. דער קייזער האָט פערבראַכט איינינע צייט אין דער שטאָדט ברעמען. בעת ער איז געפּאָהרען אין גאס אין אַ אפענער קארעטע, האָט אַ שלאָסער, וואָס ליידט פון דער פאַלעדיגער קריינק, אַ וואָרף געטהון אויף איהם אַ גרויסען אייזערנעם שליסעל, וואָס האָט געוואָגען $1\frac{1}{2}$ פונט. דער שליסעל האָט דעם קייזער פערוואונדעט אין באק אונטער דעם רעכטען אויג. די וואונד איז 4 סאַנטימעטער לאנג, דער ביין איז אָבער ניט גערירט געוואָרען.

י. ל.

---

# יוּדִישֶׁע שְׁטֶעדט אוּן שְׁטֶעדְטְלִיךְ.

די תורה אין געפענגעניש; די הייליגע חברה; אוי די פרומע!; די ליעבע צו ציון.

אונזערע „פרומאַקעס" אָדער חסידים פּאַלען אייביג אָן אויף די אפיקורסים, משכילים און ציוניסטען אַלץ צוליעב דער תורה, זיי נעהמען זיך שטענדיג אָן פאַר איהר, די השכלה און דער ציוניזם זאָלען חס־ושלום ניט קאַליע מאַכען די תורה, און דערפאַר זענען זיי שטענדיג גרייט די דאָזיגע לייט אויף דעם פייער ברענען און אויסטראַכטען אויף זיי כל־רע־שבעולם אום צושטערען זייער אַרבייט און אידעען. אויב איהר וועט אַזוינע „פרומאַקעס" פרעגען:

— ווי טהוען עס יודען אַזוי פיעל שלעכטס איינגענע?—וועלען זיי אייך ענטפערען:

— עס איז אָסור־לרחם אויף די אפיקורסים וואָס ריהרען אָן אונזער הייליגע תורה, זייערע אַלע שולען און ביבליאָטהעקען, זייער לערנען קינדער און זייערע ביכליך זענען נור דערויף, צו מאַכען פון יודישע קינדער גוים.

נאר ווי בענעהען זיך זעלבסט די „פרומאַקעס" מיט דער תורה, פאַר וועלכע זיי שטעלען זיך שטענדיג אַרויס פאַר גאַטס סטראַפּטשעס. אַז מען פּאַטשט זיך, מען שלאָגט זיך שבת, יום־טוב, און אין דער וואכען פיהרט מען פּראָצעסען אין די סודען איבער דער תורה, איז בעקאַנט יעדען וואָס וואהנט אין די יודישע שטעדטליך. דאָס איז שוין אַ געוועהנליכע זאַך צווישען די פרומאַקעס און ניט איין מאָל האָב איך אין מיינע „שטעדטליך" געבראַכט אַזוינע טרויריגע פאַקטען, נאָר איצטער האָט זיך אין דעם נאָך שענער אויסגעצייכענט די חסידישע הייליגע שטאָדט מ ע ז ב י ז (פּאָד גוב.).

אין דער הייליגער שטאָדט, וואו דער בעל־שם־טוב ז"ל האָט געלעבט, וואו ער ליגט אויף דעם דאָרטיגען „הייליגען אָרט" און וואו די מעזביזער יודען טראָגען אויף זיין קבר עד־היום „קוויטליך" פונקט ווי אין דער צייט, ווען ער האָט געלעבט, — מעזביז, וואו עס געפינט זיך עד־היום דעם „בעל־שם'ס בית־המדרש" — דאָרט וואו דער בעל־שם־טוב האָט געדאַוונט, אין אָט דער הייליגער שטאָדט זעהען מיר אַזאַ שענדליכע סצענע מיט דער תורה, וואָס איז די טעג פאָרגעקומען:

צוועלף אַ זייגער ביי טאָג; אַ גרויסער עולם לויפט איבער דער גאס, מען שרייט, מען פילדערט:

— מען האָט ארעסטירט, געפונען, געהאַפּט, מען פיהרט!

— וועמען, אַ גנב? אַ אונטערצינדער?

— ניין, די תורה...

און באמת פאָרויס פאַר דעם גרויסען עולם, געהט סטעפאַן דער פאליצייסקע און טראָגט אַ ספר־תורה... און דער פּריסטאַוו געהט פאָרויס און טרייבט דעם עולם, וואָס לויפט נאָך דעם אַרעסטירטען...

— פאַר וואָס? פאַר ווען האָט מען נעביך אַרעסטירט אונזער הייליגע תורה?—לויפען נאָך פערוויינטע פרומע ווייבער און פרעגען.

און אָט פאַר וואָס, שרייבט אונז ה' ב: אַ היגער בכבוד'ער בעל־הבית ר' ה. האָט געשיינקט אַ ספר תורה אין בעל־שם'ס בית־המדרש. דעם בעל־שם'ס חסידים האָבען די תורה צוגענומען און יעדען שבת צוטהיילט צווישען זיך די פעטסטע בעסטע שטיק און דעם איינענטהימער ה' ה. האָט מען אַמאָל אין צוויי אָדער אין דריי חדשים געגעבען אַ שטיקיל מאגערע תורה.

ה. האָט פערדראָסען וואָס מען רופט איהם אויף צו אַ מאָגערער עליה און דערצו אַזוי זעלטען, האָט ער זי"ן תורה צוגענומען און זי אַוועקגעטראָגען אין דער „אַשכנזי'ר קלויז", וואו עס דאַווענען די משכילים און מתנגדים, און דאָרט האָט ער אַלע שבת בעקומען דאָס שענסטע שטיק תורה. ווען די חסידים פון בעל־שם'ס קלויז האָבען זיך דערפון דערוואוסט, זענען זיי געלאָפען צום פּריסטאַוו און איהם מודיע געוועזען, אַז מען האָט ביי זיי אַוועקגעגנב'ט די תורה און אָנגעוויזען דאָס אָרט וואו די גנבה געפינט זיך.

דער פּריסטאַוו האָט גענומען עטליכע פּאָליצייסקע און „פּאָניאַטעס" (עדות) און האָט געפונען די תורה, געמאַכט אַ פּראָטאָקאָל, די תורה ארעסטירט און ס ט ע פ אַ ן האָט זי געשלעפט אין פּאָליציע...

געענדיגט האָט זיך דערמיט, וואָס עטליכע חשוב'ע מענשען זענען געקומען אין פּאָליציע און אַרויסגענומען די תורה אויף „פּאָרוקעס" ביז די „דיעלאָ" וועט זיך ענדיגען...

און אין דער הייליגער שטאָדט מעזביז איז צוגעקומען אַ נייער פּראָצעס, וועלכער דאַרף אין גיכסטען פאָרקומען וועגען דער הייליגער תורה.

דער בעל־שם־טוב ז״ל וועט געוויס נאָך אמאָל שטארבען ווען ער וועט זיך דערוויסען, ווי זיינע חסידים און אייניקליך בנעהען זיך מיט דער תורה, וועלכע ער האָט אזוי ליעב געהאט. ווי אזוי וועט ער דאָרט אין גן־עדן פערענטפערען זיינע חסידים פאַר דעם וואס האָט די תורה געגעבען ?...

און וואָס וועט דאָרט אין גן־עדן די צדיקים דערצעהלען ה׳ ירוחמזאהן ז״ל וועגען די פאלאנויער „הייליגע", ניט וועגען א הייליגער שטאָדט און וועגען דער הייליגער תורה, נאר וועגען דער הייליגער חברה—די דאָרטיגע „חברה קדישא".

אין פ א ל א נ ע (וואהלי. גוב.) איז געשטאָרבען איינער פון די פאָרנעמסטע בעלי־בתים ה׳ ירוחמזאהן. ער איז געשטאָרבען, ווי זאָגט מען, „פאַר דער צייט" איבער דעם קריזיס אין דעם האַנדעל, פון וועלכען זיינע גרויסע געשעפטען האָבען פיעל געליטען. פאר זיין טוידט האָט ער איבערגעלאָזען א בריעף, וואו ער בעט זיינע יורשים, אַז פריי־הער פאַר אַלעמען זאָל מען בעצאָהלען אלע זיינע חובות. און זיינע יורשים האָט ער מעהר ניט איבערגעלאָזען ווי אַ גוטען נאָמען. ה׳ ירוחמזאהן איז געווען אַ גרויסער בעל־צדקה, קיינער איז פון זיין הויז ניט אַוועק ליידיג, אין אַלע צדקה זאַכען איז זיין טהייל געוועזען דער גרעסטער, דערצו איז ער געוועזען אַ געבילדעטער מענש, דאָס וויזט זיין רייכע ביבליאטהעקע, וואָס איז געבליבען נאָך איהם. כמעט די גאַנצע שטאָדט האָט בעוויינט דעם בכבודיגען מענשען, נאר ווי אַזוי האָט זיך בעגאַנגען מיט אזא מענשען די פאלאנויער חברה קדישא? באַלד זענען זיי געקומען אין הויז וואו דער מת איז געלעגען און גע־מאכט פקנאדאלען און פערלאַנגט צעהן טויזענד רובל פאַר דער קבורה, כאָטש זיי האבען גוט געוואוסט אַז ער איז געשטארבען פון זיינע שלעכטע געשעפטען, מענשען האבען זיך געוואָלט אַריינלעגען אין שלום, מען זאָל עפּיס אבלאָזען, נאר די הייליגע הברה האבען ניט אויפגעהערט צו פילדערען און שרייען.

— אַזא פעט מת־לֶ! וועלען מיר פון די הענד ניט ארויסלאזען!

דאן האָט אַ קרוב, מיט דער ערלויבניש פון פאָליציי, אַוועק־געפיהרט ביי נאַכט דעם מת, קיינער זאָל ניט זעהן אין שטעדטיל ט ש א ר ט א ר! און אַזוי האָט מען מקבר געוועזען אַ בכבודיגען מענ־שען, וואָס האט געלעבט ניט נור פאַר זיך, נאָר אויך פיעל גוטס געטהון פאר יענעם.

און דאָס אַלעס טהוען די „הייליגע", די „פרומע".

אוי די פרומע !...

דאָס איז גאָר אַ צו האַרטער ביסען<br>
עס קען איהם גאָר קיינער פערטראָגען;<br>
צו פעט איז זיין פרומקייט—עס זאָל שוין ניט וויסען,<br>
פון איהם קיין שום עהרליכער מאָגען!<br>
איך קען ניט דערהאַלטען זיין דאַווענען, זיין זינגען,<br>
דאָס טאַנצען אַרום ווי די רינדער,<br>
די ווילדע משונה׳דיגע תנועות, דאָס שפּרינגען—<br>
געוואַלד! גיט מיר ברעכוויין געשווינדער!...

געוואַלד, גיט מיר ברעכוויין געשווינדער, וועל איך שרייען גלייך מיט דעם פּאָעט, לייענדיג די קאָרעספּאָנדענציע וואָס אַ „מיחאַלאָוו־קער ציוניסט" (אַזוי שרייבט ער זיך אונטער) האָט מיר אַריינגעשיקט און בעט „למען האמת והיושר" מען זאָל דאָס דרוקען אין „יוד".

אין מאחאלאווקע (טאַוור. גוב.) האָבען די ציוניסטען געמאַכט איין אַבענד. מען האָט געזונגען ליעדער, געטרונקען „כרמל" וויין און דער גרויסער עולם איז שפּעט נאָך האלבער נאכט זיך צוגאַנגען צו הויז העכסט צופרידען.

דאַכט זיך גענוג, ווייסען מיר שוין וואָס די ציוניסטען טהון אין מיחאַלאָווקע, נאר ניין, דאָ ערשט צושרייבט זיך דער „מיחאלאָווקער ציוניסט" אויף א בויגען פאפּיער פון אַלע זייטען, וואו ער בעלויבט און בעזינגט די גבורה פון דעם גביר ה׳ .N מיט זיין געשעצטער פרוי, וועלכע האָבען דעם אַבענד „ניט געקוקט, וואָס עס איז געוועזען אַ שלעכטער וועטער",—עס האָט געגאָסען אַ קאַלטער רעגען און עס איז געוועזען אַ בלאטע—און זיי פון גרוי׳ס ליעבע צו ציון, וואָס ברענט שטענדיג און זייערע הערצער, האָבען בעעהרט און זענען געקומען אויף דעם אבענד, וואו זיי האָבען מיט דעם גאַנצען גרויסען עולם פערבראַכט ביז נאָך האלבער נאַכט..

איך „למען האמת" קען נור ראַטען, ווען אין מיחאַלאָווקע וועט זיין אַ ציוניסטישער אַבענד און עס וועט זיין „א שלעכטער וועטער מיט אַ בלאָטע" און אויב אין דעם שטעדטיל געפינט זיך ניט קיין דראשקע, וואָס מען זאָל פאָהרען פאר 10 קאָפּיקעס, זאָל ה, .N מיט זיין „געשעצטער פרוי" אָנטהון לאנגע שטיוועל, דאַן וועט איהר, הערר מיחאַלאָווקער ציוניסט, פערשפּאַרען „ענטציקט" ווערען פון אזוי־נע גרויסע גבורות וואָס ה׳ .N מיט זיין „געשעצטער פרוי" האָבען גע־וויזען פון „גרויסער ליעבע צו ציון"... אֶמֶת.

---

## פּורים־אבענד פון יודישע ליטעראַטען.

שושן־פורים איז אין דער גרעסטער, שענסטער זאַל אין ווארשא „דאלינע שווייצארסקע" פאָרגעקומען דער אַבענד פון יודישע ליטע־ראטען.

9 אַ זייגער האבען זיך די געסט אָנגעהויבען קלויבען און ביז האַלב עלף איז שוין די גרויסע זאַל געוועזען פול מיט די געסט. אַלע זענען געגאַנגען יום־טוב׳דיג אָנגעטהון, ווי מען געהט אויף אַ גרויסע שמחה, מענער אין פראקען און אין שוואַרצע רעק, און דאַ־מען, אויסער אַ קליינע אויסנאַהמע—אין ווייכע באלנע קליידער. ליטע־ראַטען האָבען אויף די לאַצען געטראָגען אויף פיאליעטע־ווייס זיי־דענע ראזעטקעס גאָלדענע פעדער.

אויף דעם אָבענד האָבען זיך צוזאמענגעקליבען מעהר ווי 15 הונדערט פּערזאָן, דאָס איז דריימאָל אַזוי פיעל ווי אין פאַר אַ יאָהרי־גען פורים־אַבענד, און געוויס ווען די זאַל זאָל נאָך גרעסער זיין, וואלט די צאָהל פון די געסט נאָך מעהר געוועזען — אט מיט אזא גוטען נאָמען ריהמט זיך דער אַבענד פון יודישע ליטעראַטען צווישען ווארשאַווער יודען. אויף דעם אַבענד זענען אויך געקומען איינינע געסט פון דער פּראווינץ.

האַלב עלף האָט די מוזיק אָנגעהויבען שפּיעלען און עס האָט זיך אָנגעהויבען די פּראָצעסיע אין פאנטאסטישע קאסטיומען אונטער דער אויפזיכט פון די קינסטלער העררען ראזען, וויינלעס און הערצ־שטיין.

די פּראָצעסיע, וועלכע האָט בעלייכטעט איין עלעקטישער לאַמטערען מיט פערשיעדענע קאַליערען פייער, האָט אנגעהויבען צו געהן איבער דער זאַל אין אַ ראָד פון גירליאַנדען: אסתר־המלכה (פריילין ק.), מרים־הנביאה, שולמית, דבורה, די יודישע חינעזערען

(פריליין פ.) אַ צייכען וועגען די לעגענדארנע 30 מיליאָן חינעזישע יודען, וועלכע מען האָט פלוצים היינטיגס יאָהר געפונען (?), דערנאָך א קאווקאזער יוד, אַ גאליציאַנער יודעל, איין אסימיליאטאר, אַ בור (אַ יודישער איש חיל), אַ יונגער פאסטוך מיט אַ שופר, אַ שפּאַנישער יוד (קאסטיום פון אוריאל אקאסטא), נביאים, אַ גאנצע גרופּע קאלאניסטקעס מיט שניידמעסער און בינטליך זאַנגען אין די הענד און נאָך פיעל אַנדערע.

ניי און אריגינאל איז געוועזען די גרופּע פון חברה „כרמל“, וועלכע האָט אַנטהייל גענומען אין דער פּראָצעסיע: צוויי יודישע פועלים אין אַראַבישע קאסטיומען טראָגען אויף די אקסלען א לאנגען שטאַנג, אויף וועלכען עס היינגט נור וואָס אָבגעריסענע פון די ווייגגערטנער צווייגעליך וויינטרויבען, וועלכע זענען פול און שווער, אַז די שטאַנג בייגט זיך...

די פּראָצעסיע האָט אַרויסגערופען א סך מאל „ביס“ און לאנג האָט זיך דערנאָך געהערט דאָס קלאַפּען „בראַווא“.

נאָך דער פּראָצעסיע האָט מען פון דער סצענע געוויזען לעבעדיגע בילדער: 1) משה רבנו ווי ער שטעהט פאַר דעם ברענענדיגען דאָרן; 2) יחזקאל הנביא אין דריי בילדער: א) די טוידטע (עצמות היבשות); ב) תחית-המתים; 3) קבוץ גליות – אַ נביא רופט צוזאַמען דאָס יודישע פאָלק פון אַלע לענדער, וואו זיי זענען צווייעט און צושפּרייט.

דער ענטוזיאַזם און ענטציקונג, וואָס האָבען אַרויסגערופען די לעבעדיגע בילדער, איז ניט איבערצוגעבען, מען האָט בעדאַרפט זעהן דאַן די זאַל—דעם ים קעפּ און הערען דאָס דונערען פון „בראַווא“.

איינס אַ זייגער האָבען זיך אָנגעהויבען די טענץ, אין וועלכע עס האָבען אַנטהייל גענומען 200 פּאר.

אין דער צייט, ווען די יוגענד האָט געטאַנצט, האָט מען אין צווייטען זאַל ביי פיעל טישען זיך געזעצט צום אבענד־ברויט, אין וועלכען עס האָבען אַנטהייל גענומען די וואָס האבען זיך פאַר אַ בעזונדער צאָהלונג איינגעשריבען און בילעטען אויף אַבענד ברויט בעקומען. די צאָהל פון די איינשרייבער אויף אַבענד ברויט איז אַזוי געוועזען גרויס, אַז עס האָט בילעטען אויסגעפעלט און פיעל זענען דעריבער פאַר דער צייט צוהויז נעגאַנגען ניט וועלענדיג הונגערען.

און מישטיינס געזאגט, די וואָס האָבען שוין געהאַט דאָס גליק בילעטען צו בעקומען, זענען אויך ניט געבליבען צופריעדען.

דער באַל, וואָס האט זיך היינטיגעס יאָהר אויסגעצייכענט מיט אזוי פיעל גלאַנץ, האט זיך אָבער אויך אויסגעצייכענט מיט ווענִיג אָרדענונג. אין פאָריגען יאָהר איז די פּראָצעסיע געגאַנגען רונד אַרום דעם זאַל, איצט האָט דער רינג פון דער פּראָצעסיע אַרומגענומען נור איין האַלבע זייט זאַל, אַזוי אַז כמעט אַ האַלבער עולם האָט די פּראָצעסיע ניט געזעהן; נאָך מעהר אונאָרדענונג איז געוועזען ביי די לעבעדיגע בילדער, אַנשטאַט מען זאָל אויף דער צייט אויסשטעלען שטוהלען אין שורות, האָבען זיך די שטוהלען געוואַלגערט אין פערשיעדענע ערטער, טהייל האָבען געהאפּט שטוהלען, זיך געשטעלט אויף זיי, און דער איבריגער עולם האט ניט געקענט זעהן די בילדער.

אויף דעם פאַראַיאָהרידיגען פּורים באַל קען מען יאָ זאָגען: „קלענער דער עולם, גרעסער די שמחה“. דער טיש און דער בופעט איז געוועזען צוויי מאָל בעסער און צוויי מאָל ביליגער. איינער פון די רעדנער ביים טיש האָט דערמאַנט „אַז יודישע ליטעראַטען געהערען ניט צו דער רייכער קלאַסע“ און דאָס האָט אַ קאָמיטעט פון יודישע ליטעראַטען בעדאַרפט וויסען ביים מאַכען דעם אַבענד.

נאָך דער ערשטער שפּייזע האט אדוואקאט כהן געזאָגט אַ פּאָר ווערטער לכבוד דעם פּורים אַבענד, דער פּרעדיגער פון וואַרשאַווער שול, ד״ר פאזנאנסקע האט אין זיין רעדע מיט גרינגען הומאר דערוויזען, אַז אסתר המלכה און מרדכי היהודי זענען אויך געוועזען ליטעראטען...

ה׳ סאקאלאוו האָט געבויט זיין רעדע אויף די ווערטער „לך וכנוס את כל היהודים“, ער האָט גערעדט וועגען פּראסטען עולם — אויף אונזער פונדאמענט, וועלכע געפינט זיך ניט אויף דעם אבענד, און ווי שטענדיג האָט ה׳ סאקאלאוו גערעדט מיט טאלאנט, מיט קונסט און שען, זיין רעדע האט ארויסגערופען פיעל דאַנקען פון די צוהערער. ה׳ פּרץ איז געוועזען דער ערשטער פון די רעדנער, וואָס האָט ביים טיש אָנגעהויבען רעדען אויף יודיש, און אין זיין זשאַרגאָנישער רעדע האט ער פול מיט הומאר דערוויזען, אַז קיין בעסערען יום־טוב האבען יודישע ליטעראטען ניט געקענט אויסקלויבען ווי דעם יום־טוב פּורים. פּורים איז ווי עפּים צוגעמאסטען צו יודישע ליטעראטען, „מתנות לאביונים“ האט אויפגעהערט ביי יודען, נאָר משלח מנות איז געבליבען, משלח מנות ביי יודישע ליטעראטען, הערויסגעבער און בוכהענדלער, אין משך פון אַ גאַנץ יאָהר: „נא דיר מיין ספר און דו גיב מיר דיין ספר“. דער וואָס איז נור עטוואָס בעקאַנט מיט דעם מסחר פון יודישע ספרים און מיט דעם לעבען פון יודישע ליטערעאטען, האט מיט דעם גאַנצען הארצען אנגעקוואלען פון פּרץ׳ס רעדע און ניט אויפגעהערט צו לאַכען.

ה׳ גראסגליק (סעקרעטאָר פון דער גמינא) האָט גערעדט מיט האַרץ און ליעבע צו יודישע ליטעראטען. „דאָ אין דעם זאל געפינען זיך ליטעראטען מיט גאַנץ פערשיעדענע מיינונגען, אָבער קיין שונאים זענען זיך קיינער ניט“, האט ער געענדיגט, דאָס ער האָפט אז אין דער צוקונפט וועלען זיי אויך אַרבייטען אָהן שנאה איינער צום אַנדערען נור מיט איין געדאַנק צו ברענגען נוטצען דעם כלל.

ה׳ אשכנזי האָט גערעדט אויף דער טעמע פון „ארור המן ברוך מרדכי“, ה׳ גרינבוים האט געהאלטען זיין רעדע אין העבראיש און גערעדט פאַר די „שואפים“ און ה׳ פרייד נעגען די „שואפים“. אויסגעצייכענט האָט זיך ה׳ פרייד מיט זיין רעדע אין זשאַרגאָן לכבוד פּורים, ער האט זיך געווערטעלט ביים טיש וועגען דעם ווי יודען זענען בכלל ניט פעהיג צו ארגאניזאציאָן, פון וואָס ער האָט געזעהן אַ בעווייז אין דעם היינטיגען פּורים באַל. ביי יעדען האָט פרידס יודישע „אָרגאַניזאציע“ אַרויסגערופען אַ געלעכטער. צו זיין פרעהליכער רעדע האָט צוגעפּאַסט דער קאסטיום פון גאַליציאַנער יודעל, וועלכען ער האָט געטראָגען.

נאָך איינינגע אַנדערע רעדען האָט זיך דער טיש געענדיגט. איצט האָט זיך דער עולם צושיט אין פערשידענע גרופּען, אין יעדער ליך. אין איין ווינקעל האָט מען געהערט זינגען אַ חאָר (פון יונגע לייט און פריילין) העברעאישע שירים. אין צווייטען ווינקעל האט מען געלייענט הומאריסטישע טעלעגראַמען, דאָרט האָט דער בור (דער איש חיל) אויסגעצייכענט דעקלאַמירט גאָלדפאַדען׳ס אַ ליעד. דאָ האָט מען אַרומגעטראָגען „משלח מנות“. די קאסטיומירטע פּערזאָנען, וואָס האָבען אַנטהייל גענומען אין דער פּראָצעסיע, האָבען איצט אַרומגעשפּאַציערט צווישען עולם, און יעדער האָט זיי געקענט

בעסער אנקוקען ווי פריהער... טהייל האָבען געלונגען זיך געווערטעלט און דער עולם האָט געלאַכט, איבערהויפּט האָט גרויס אויפזעהן געמאַכט די באמת ארינגעלע און געלונגענע מאסקע: א יודישער בלינדער אביון, אויף דעם קאָפּ אַ היטעל מיט א לאַנגען דאשיק, וואָס פערשטעלט די שיין פאר זיינע קראַנקע אויגען, איין אומגליקליך אָבגעמיטשעטע געזיכט, איהם פיהרט ביי דער האַנד אַ קליין מיידעלע. דער בלינדער מיט דעם מיידעלע שטעלט זיך אלע מאָל אָב ביי איין אַנדער רעדיל מענשען און זינגט יודישע פאָלקס ליעדער מיט די יודישע פאָלקס מעלאָדיען. דער בלינדער זינגט וועגען יודישע צרות, וועגען יודישען רחמנות אז עס רייסט ביי'ם האַרץ, און דאָס מיידיל האַלטענדיג איהם ביי דער האַנד העלפט איהם אונטער מיט איהר שוואַך דין נור זיס ליעב קול'כיל.

ווען וואָס וואָהנט צווישען יודען איבערהויפּט אין דער פּראָווינץ איז ניט בעקאַנט דאס דאָזיגע בילד, וועלכעס פרום יודישעס האַרץ האָט דער בלינדער אָרימאַן ניט צוריסען מיט זיינע טרויריגע פאָלקס ליעדער און מעלאָדיען.

און וואו דער בלינדער מיט דעם מיידעלע האָט זיך נור אָבגעשטעלט, האָט ער ביי יעדען אַרויסגערופען „בראַוואָ".

עס איז צום בעמערקען אַז ה׳ כ. וואָס האָט געטראָגען די מאסקע פון דעם בלינדען, איז זעלבסט א גרויסער ליעבהאַבער און זאַמלער פון יודישע פאָלקס ליעדער און מעלאָדיען און קיינער וואָלט די ראָלע אזוי אויסגעצייכענט ניט אויסגעפיהרט ווי ער.

די גאַנצע צייט פון טיש און נאָכ׳ן טיש הערט די מוזיק ניט אויף צו שפּיעלען און די יונגוואַרג טאַנצען. די טאַנצען האָבען געדויערט ביז אין ווייסען טאָג.

זיבען אין דער פריה איז מען זיך צוגאַנגען פון דער „ראָלינע שווייצארסקע" מיט איין געדאַנק, אז צווישען די אַלע אָבענדען און בעלער, וואָס ווערט דורכ׳ן יאָהר געמאַכט אין ווארשא צווישען יודען, איז דאַ נור איין איינציגער אבענד, וואָס טראַגט א יודישען האַראַקטער, און דאָס איז זעהר וויכטיג פאר די יודישע יוגענד אין ווארשא, וועלכע ווערט צום מעהר ערצויגען אָהן א שום בעגריף פון יודישע געשיכטע, פון יודישע העלדען, פון יודישער ליטעראַטור און פון דעם גוטען און פיינעם אין דעם יורישען לעבען.

דער איינציגער י ו ד י ש ע ר אבענד אין ווארשא וואָס וויל די יוגענד האָטש עטוואס בעקאַנען מיט יודישעם הייסט: „פורים אבענד פון יודישע ליטעראַטען".

א בעקאַנטער.

---

## די יודישע וועלט.

**עסטרייך** — דער פערבאַנד פון די יודישע צדקה־חברות „ב נ י ־ ב ר י ת" אין ו ו י ע ן האָט נאָך פאָריגעס יאָהר בעשלאָסען אונטערצונעהמען עפּעס וויכטיגעס פאר די נויטליידענדע יודען אין גאַליציען, און צו גרינדען צו דעם צוועק א צענטראַל־הילפס פעריין אין וויען מיט צווייג פעריינען אין דער גאַנצער וועלט. די חברה „בני ברית" האָט בערך 25,000 מיטגליעדער, וועלכע וועלען בודאי צושטעהען גרעסטענטהיילס צו די הילפספעריינען און געבען זיי דורך דעם די מעגליכקייט אנצוהויבען זייער ארבייט.

דער צוועק פון די הילפספעריין איז לויט די תקנות: 1) צו שאַפען ארבייט פאר די יודען אין גאַליציען, איינצוריכטען הויזאינדוסטריען (פאַבריקאַציאָנען), צענטראַלשטעלען צום איינקויפען און פערקויפען פון געווערבליכע און לאַנדווירטשאַפטליכע פּראָדוקטען, צו געבען שטיצע נייע אונטערנעהמונגען; 2) צו גרינדען נייע געווערבליכע פאַכשולען, צו געבען שטיצע האַנדווערקער, און איינצוריכטען פאָרלעזונגען דורך וואַנדערלעהרער; 3) צו שאַפען א ביליגען און לייכטען קרעדיט פאר בעלי־מלאכות, הענדלער און אַקערבויער א. ז. וו. 4) צו געבען די מעגליכקייט גאַליצישע יודען צו פערנעהמען זיך מיט ערדארבייט.

דעם 24 פעברואר איז געווען אין וויען א גענעראַל פערזאַמלונג פון דעם הילפספעריין און עס איז אויסגעקליבען געוואָרען א קאָמיטעט.

— די „פּ א ל י ט י ש ע ק א ר ע ס פּ", איז מודיע, אז ווי עס איז בעקאַנט, האָט די טערקישע רעגיערונג צוגעשיקט א צירקולאַר צו די אייראָפּעאישע געזאַנדטע אין קאָנסטאַנטינאָפּעל וועגען די תקנות פאר יודישע איינוואַנדערער אין ארץ־ישראל. די איטאַליענישע באָטשאַפט האָט געענטפערט אויף דעם צירקולאַר, אז די תקנות געגען יודישע איינוואַנדערער דאַרפען זיך נישט אָנגעהערען צו איטאַליענישע אונטערטהאַנער. ווייל די איטאַליענישע רעגיערונג מאַכט נישט קיין שום אונטערשייד צווישען יודען און קריסטען. די מעהרצאָהל פון די געזאַנדטע זענען נוטה צו דער מיינונג פון איטאַליענישען געזאַנדטען און עס ווערען איצט צוגעגרייט תשובות אויף דעם צירקולאַר פון דער טערקישער רעגיערונג.

לויט די ידיעות פון דער „פּאָליטישער קאָרעספּאָנדענץ" איז דער ציוניזם די סבה, וועלכע האָט בעוואָגען די טערקישע ממשלה צו זוכען מיטלען געגען די איינוואַנדערונג פון יודען אין ארץ ישראל. צום בעווייז קאָן דיענען דער דאָזיגער פאַל: דער גראָסוועזיר ה א ל י ל ר י פ א א ט פ א ש א איז בעהילפיג געווען איינעם פון זיינע פּאָליטישע פריינד צו קריעגען די ערלויבניש אויף בעזעצען א געוויסע צאָהל רומענישע עמיגראַנטען אין ארץ ישראל, נאָר וועגען א בעפעהל פון א הויכען אָרט האָט זיך דער גראָסוועזיר געזועהן געצוואונגען אָבצוזאָגען יעדע ווייטערע הילף אין דעם ענין.

„די וועלט" בעמערקט אויף דעם, אז, ווי מען זעהט ארויס פון דער ידיעה, זענען אין דער פראַגע, ווי אין יעדער אַנדערער, אויך דאָ פערשידענע מיינונגען; אייניגע זענען נוטה צו דעם ענין און אַנדערע זענען געגען איהם. אבער יעדענפאַלס זעהט מען אז עס איז נישטאָ קיין בעשטימטער בעשלוס, מען דערקענט אויך פון דעם, אז די ציוניסטען האָבען שוין פיעל געאַרבייט אין דער זאַך און האָבען געקריגען א וויכטיגען צד פאַר זיך.

*

**רוסלאַנד.** — א דעלעגאַט פון קישינעווער קאָמיטעט צו שטיצען די נויטבעדירפטיגע יודען איז ארומגעפאָהרען אין סיראָקער אויעזד, כדי צו דערגעהען ווי גרויס די נויט איז אין יעדען אָרט. ווי עס איז מודיע דער „אָדעס׳ ליסטאָק" געפינט זיך אין שטעדטיל ק א ט י ו ש ק י 20 נויטבעדירפטיגע פאַמיליעס, אין פ א ג א ר נ ע 18 פאַמיליעס אדער א ל ע איינוואָהנער פון שטעדטיל, אין פ ל א ר ע ש ט י — 15 פאַמיליעס, אין דער קאָלאָניע ק א פ ר ע ש ט י — 59, אין דער קאָלאָניע מ א ק ו ל ע ש ט י — 78, אין וו א ד ־ ר א ש ק א ו ו — 160 און אין דאָרף ש א ס ט א צ י — 8, סך הכל 308 פאַמיליעס. מיט די דאָזיגע פאַמיליעס לאָזט זיך אבער נאָך נישט אויס די צאָהל פון די נויטבעדירפטיגע אין סאָראָקער אויעזד, ווייל דער דעלעגאַט האָט נאָך נישט בעזוכט ס א ר א ק י און א ט א ק י, וואו דער הונגער איז א אַלטער תושב. יעדער פאַמיליע ווערט געגעבען פון קישינעווער קאָמיטעט צו 7 פונט מעהל און 1 פוד האָלץ אויף ברויטבאַקען וועכענטליך.

אין נ א ו ו א א ו ק ר א י נ ק א איז געקומען א דעלעגאַט פון אָדעסער קאָמיטעט ה׳ פּאָליאַקאָוו און בעזוכט אלע שטובליך, וואו עס הויזען די אָרעמלייט און דער הונגער. פון דאָרט איז ער געפאָהרען אין ר א וו נ א ע און נאָך אַנדערע ערטער פון יעליסאַוועטגראַדער אויעזד.

— דער פערוואַלטער פון די שטאַטסגיטער אין חערסאָנער און בעסאַראַביער גוב׳ ה׳ ס י נ י ס א מ א ו ו האָט בעקומען א דעפּעשע פון מיניסטער פון ערדארבייט ה׳ י ע ר מ א ל א י ע וו אז עס איז ערלויבט צו געבען די יודישע קאָלאָניעס אין חערסאָנער גוב׳ בתורת הלואה אויף 5 יאָהר אָהן פּראָצענט 47,000 רוב׳ אויף זריעה און אויסהאַלטונג.

— דער פּערסישער שאַך האָט זיך פערשאַפט פון פּעטערבורג איין ערציהער פאר זיין זוהן — דעם קראָנפּרינץ איין קאראימישען סטודענט פון די אזיאַטישע שפּראַכען.

— ביז אהער איז געווען דער מנהג אז וועגען עפענונג פון א תלמוד תורה האָבען די דירעקטאָרען פון די פאָלקסשולען נור מודיע געווען קורץ דעם קוראַטאָר פון לעהר־ראיאָן, אז די און די קהלה האָט בעשלאָסען צו עפענען א תלמוד תורה. איצט האָט דער קוראַטאָר פון קיעווער לעהר־ראיאָן בעפאָהלען אלע דירעקטאָרען, אז להבא זאָלען זיי, פאָרשטעלענדיג דעם בעשלוס פון דער קהלה וועגען גרינדונג פון א תלמוד תורה, אויך צושטעלען: 1) א פּלאַן פון דער וואָהנונג, וואו עס געפינט זיך די תלמוד תורה, וועלכע דאַרף זיין איינגעריכטעט לויט די פאָדערונגען פון היגיענע און פּעדאַגאָגיק; 2) א גענויע סמיעטע פון די הוצאות אויף די אויסהאַלטונג פון דער תלמוד תורה; 3) איין ערלויבניש פון נאַטשאַלסטוואָ אויף אַסיגנירען געלד אויף אויסהאַלטונג פון דער תלמוד תורה פון דער קאָראָבקע אדער אַנדערע הכנסות. 4) אויב די תלמוד תורה ווערט אויסגעהאַלטען פון יעהרליכע אדער צופעליגע נדבות, דאַרף ווערען צוגעשטעלט נאָך א התחייבות פון די מנדבים, אז זיי פערבינדען זיך צו געבען די נדבות.

*

**רומעניען** — א ד י ן ו ח ש ב ו ן וו ע ג ע ן ד ע ר ל א ג ע פ ו ן ד י י ו ד ע ן א י ן ר ו מ ע נ י ע ן.

פאָריגען זומער האָט די רעגיערונג פון די פעראייניגטע שטאַאטען פון צפון אמעריקא אַראָבגעשיקט קיין רומעניען א בעאַמטען פון אימיגראַציאָנס —

דעפארטעמענט ה׳ וואצשארן, כדי צו דערגעהן אויף׳ן ארט די סבות, וועלכע האבען גורם געווען די מאסען־עמיגראציאן פון די יודען. ה׳ וואצשארן צוריק־קומענדיג פון זיין רייזע האט אבגעגעבען זיין ממשלה א דין וחשבון וועגען דער לאגע פון די יודען אין רומעניען. דער דין וחשבון איז צוזאמענגעשטעלט אויף גרונד פון די ידיעות, וועלכע די קאנזאלען האבען איהם געשאפט אדער וואס ער האט אליין געזעהען און געהערט.

ווי ה׳ וואצשארן שרייבט האט שוין די רומענישע ממשלה בעקומען פון אייניגע מלוכות, וועלכע האבען אונטערגעשריעבען דעם בערלינער קאנטראקט— פארשטעלונגען פאר וואס זי איז נישט ממלא וואס זי האט גענומען אויף זיך לויט דעם פערטראג, נאר די פארשטעלונגען ׃ אבען גאר נישט געפועלט, ווייל די רומענישע ממשלה ווייסט גוט אז מען וועט מיט איהר נישט וועלען איינ־רייסען צוליעב יודען. די יודען ווערען דערום עד היום גערעכענט פאר „פרעמ־דע״, אויף וועלכער עס איז לית דין ולית דיין. לויט די בעזונדערע געזעצען וועגען פרעמדע טארען די יודען אדער ווי מען רופט זיי די „פרעמדע״ נישט וואהנען מעהר ווי אין 71 בעשטימטע שטעדט און דערפער, און קענען יעדע צייט ארויסגעטריעבען ווערען פון רומעניען אויב די פאליציי האלט זייער וואה־נען פאר שעדליך. א יוד האט נישט קיין רעכט צו קויפען און אפילו פאכטען א שטיקעל ערד; ער טאר אויך נישט זיין אדוואקאט, אפטעקער, בערזענמאקלער, שענקער, קאראבעניק און נאך פיעל אנדערע זאכען.

במשך פון די 20 יאהר, זייט עס איז ארויס דאס געזעץ וועגען נאטו־ראליזאציאן, האבען נישט מעהר ווי 72 יודען בעקומען דאס בירגער רעכט.

דערפאר אבער וואס עס איז אנבעלאנגט די אבצאהלונגען, איז דער יוד גלייך מיט אלע רומענער; פאר אייניגע זאכען מוז ער נאך צאהלען טייערער ווי אנדערע, למשל פאר לערנען קינדער אין שולען (50 פראנק יאהרליך אין די אומזיסטיגע שולען).

וויסענדיג די לאגע פון די יודען אין רומעניען, דארף מען נישט ווייט זוכען די סבות, וועלכע האבען גורם געווען די מאסען־עמיגראציאן, נאר אויסער דער שלעכטער לאגע האט, לויט מיינונג פון ה׳ וואצשארן, דער ציוניזם נאך פערשטארקט די עמיגראציאן.

צום סוף איז ה׳ וו. מודיע זיין ממשלה אז לויט די ידיעות, וועלכע ער האט געזאמעלט, זענען די רומענישע עמיגראנטען עהרליכע און פלייסיגע מענשען און וועלען אין אמעריקא קיינעם נישט זיין צו לאסט.

*

**איטאליען.** — אין נייען איטאליענישען קאבינעט (מיניסטעריום) איז ה׳ לעאן וואללערבערג (א יוד) בעשטימט געווארען צו זיין פינאנץ־מיניסטער.

---

## אלגעמיינע וועלט נייעס.

**רוסלאנד.** — קארפאוויטש, וואס האט געשאסען אין רוסישען מיניס־טער פון פאלקסבילדונג, איז געווען א סטודענט אין נאטורוויסענשאפטליכען פאקולטעט פון מאסקווער אוניווערזיטעט און ארויסגעטריעבען געווארען פון דארט אין 1896־טען יאהר, ווייל ער האט אנטהייל גענומען אין סטודענטען־אונרוהען, אין 1898־טען יאהר איז ער אויפגענומען געווארען אין יוריעווער אוניווערזיטעט און אויך פון דארט ארויסגעטריעבען געווארען אין 1899־טען יאהר. פאריגעם יאהר האט קארפאוויטש געהערט לעקציעס אין בערלינער אוניווערזיטעט.

דאס בעפינדען פון דעם מיניסטער איז נישט שלעכט. דערווייל קאן מען נאך נישט ארויסנעהמען די קויל פון האלז.

*

**חינא.** — די לעהרע פון קאנפוציוס. דער חינעזישער געזאנדטער ביי די פעראייניגטע שטאטען האט געהאלטען אין ניו־יארק א רעדע וועגען קאנפוציוס לעהרע, וועלכע איז די אמונה פון א גרויסען טהייל חינעזער. חינא — האט געזאגט דער געזאנדטער — פערמאגט א רעליגיאן, וועלכע איז ווי צוגעפאסט פאר איהר און זי דארף דערום נישט קיין מיסיאנערען. די רע־ליגיאן פון קאנפוציוס איז א רעליגיאן פאר׳ן לעבען.

קאנפוציוס האלט נישט פון עולם־הבא, נאר ער לייקענט עס אויך נישט אב. ער האלט, אז מיר קענען נישט וויסען וואס עס טהוט זיך אויף יענער וועלט, און דאדורך נוצט נישט צו טראכטען וועגען דעם. ווער עס וויל טריי ערפילען זיינע חובות צו די נעבענמענשען, דער האט ווענינ צייט צו קלערען וואס שפעטער וועט זיין.

קאנפוציוס פערלאנגט נישט אז מען זאל ליעב האבען דעם פיינד; ער זאגט: פערגילט גוטעס מיט גוטעס און אונרעכט מיט אונרעכט, גליקליך וועט זיין דער מענש, וועלכער טהוט גוטס, אבער דאס גליק קומט איהם נישט ווייל ער טהוט גוטס, נאר דאס גליק קומט צו איהם אליין אהן זיין ווילען, ווען ער טהוט נור גוטס.

דער קאנפוציאניזם — האט געזאגט דער חינעזער אין זיין דרשה — איז די העכסטע פארם פון בילדונג און מוסר. די וועלט וועט אמאל אננעהמען זיינע לעהרען. דער פארטשריט פון דער וויסענשאפט האט גורם געווען, אז מען גלויבט נישט מעהר אין פיעל זאכען, אין וועלכע מען האט אמאל געגלויבט.

דער קאנפוציאניזם האט נאך 500 יאהר פאר קריסטוס געפרעדיגט וועגען שלום און אירופא האט די לעצטע צייט אויך אנגעהויבען צו רעדען וועגען שלום.

דאס חינעזישע פאלק האט זיך פון לאנגע צייטען געסטארעט אויסצומיי־דען מלחמות. דער קאנפוציאניזם הערשט אומעטום אין יאפאן און קארעא אבער ער האט נישט איינגענומען די לענדער מיט דעם כח פון דעם שווערט. קיינער איז נישט געצוואונגען געווארען צו ווערען א קאנפוציאנער, נאר די דאזיגע רעליגיאן האט א קראפט אליין איינצונעהמען די הערצער.

---

## וואוּ שְׁטֶעלֶען דִי וָואלְקֶען דִי חְמַארְנֶע זִיךְ אָב.

פֶערְטְרַאכְט זִיצְט בַּיים פֶענְסְטֶער מַיין יוּנְגֶעל דֶער קְלֵיינִינְקֶער
אוּן לָאזְט פוּן דֶעם הִימֶעל קֵיין אוֹיג נִיט אַרָאב.
„זָאג, טַאטֶע״, גִיט פְּלוּצְלִינְג אַ פְרֶעג מִיךְ מַיין שֵׁיינִינְקֶער,
„וואוּ שְׁטֶעלֶען דִי וָואלְקֶען דִי חְמַארְנֶע זִיךְ אָב ?

דִי וָואלְקֶען, מַיין לֶעבֶען, זַיי צִיהֶען אוּן וַואנְדֶערְן
אַקוּרַאט וִוי אִין אֵייבִּיגֶען גָלוּת דֶער אִיד.
זַיי קוּמֶען פוּן אֵיין אָרְט אוּן גֶעהֶען צוּם אַנְדֶערְן
אוּן גִיסֶען אַלְץ טְרֶערֶען - צִי זֶעהְסְט דוּ דָאס נִיט ?

עֶס יָאגְט זַיי נָאךְ תָּמִיד דֶער שְׁטוּרֶעם, נִיט פִיהְלֶענְדִיג,
ווִי שְׁרֶעקְלִיךְ עֶר טְרַייבְּט זַיי, ווִי גְרוֹיזַאם עֶר פְּלָאגְט.
זַיי זֶענֶען אַלְץ חְמַארְנֶע — זַיי גֶעהֶען נִיט ווִילֶענְדִיג,
זַיי צִיהֶען דֶערְפַאר, וַוייל זַיי וֶוערֶען גֶעיָאגְט.

אוּן הֶערְסְט, ווִי עֶס וֶוערְט אָפְט דִי עֶרְד אַ פֶערְצִיטֶערְטֶע
פוּן רֶעגֶען, פוּן הָאגֶעל, פוּן דוּנֶער אוּן בְּלִיטְץ ?
דָאס גִיסֶען זַיי אוֹיס דָאן דִי הֶערְצֶער פֶערְבִּיטֶערְטֶע —
אָ, אֵייבִּיג פֶערְוָואגֶעלְט זַיין, אִיז דָאס אַ ווִיטְץ ?

דָאס גִיסֶען זַיי אוֹיס דַאן דִי טְרֶעהְרֶען, פֶערְבְּלִיבֶּענֶע,
פוּן אוּר־אַלְטֶע צַייטֶען דֶעם בִּיטֶערֶען רֶעסְט,
צוּזַאמֶען מִיט נַייֶע אִין וֶועג אַנְגֶעקְלִיבֶּענֶע,
אוֹיף יֶעטְוֶועדֶער שְׁטֶעלֶע — זַיי שְׁטֶעהֶען נִיט פֶעסְט.

עֶס קוּמְט אַלֶע וַוייְלֶע אַ ווִינְטֶעל אָן שְׁטִיפֶענְדִיג
אוּן טְרַייבְּט זַיי פוּן נַייֶעם דוּרְךְ הִיטְצֶען אוּן קֶעלְט,
זַיי לָאזֶען זִיךְ ווִידֶער, מִיט טְרֶעהְרֶען בֶּעטְרִיפֶענְדִיג
אַ יֶעטְוֶועדֶען אָרְט אוֹיף דֶער רִיזִיגֶער וֶועלְט.

זַיי צִיהֶען זִיךְ לַאנְגְזַאם, אָהְן אוֹיפְהֶער זִיךְ שְׁלֶעפֶּענְדִיג
פוּן אֵיין אָרְט צוּם צְווֵייטֶען, נִיט וֶוערֶענְדִיג מִיד,
נוּר טְרֶעהְרֶען רַק נַייֶע אוּן יַמִּים אָנְשֶׁעפֶּענְדִיג,
אַקוּרַאט וִוי אִין אֵייבִּיגֶען גָלוּת דֶער אִיד.

ניו־יורק. יוסף יפה.

---

## בילדער פונ׳ם לעבען.

### עזריאל׳ק סופר.

(ענדע)

— גאט איז מיין עדות — האט זיך עזריאל׳ק אויסגערעדט דאס הארץ, זיצענדיג נאך דער געשיכטע מיט דער חברה האסטרער חסידים ביי א גלעזיל משקה —, אז ס׳איז מיר זעהר שווער אוועקגעהן פון אונזער „אלטער־שול״, וואו מיין זיידע און עלטערע־זיידעס (זכרונם לברכה!) האבען געדאווענט... גלויבט מיר, ברידער, איך וואלט דאס טאקע ניט געטהון, נאר זיי גיבען מיר האנדגעלד ק׳ן קערבליך, וועל איך דאס געלד דעם טאטען מיט׳ן שוועהר אוועקגעבען, און זיי וועלען זיך צוריק זייערע דירות אויפבויען... לחיים, ברידער! ווינשט מיר איך זאל איין עהרליכער יוד זיין, און דער כבוד זאל מיך חלילה צו קיין גדלות ניט ברייגנען...״

עזריאל'ק האט אנגעהויבען דאווענען, זינגען (ווידער טאקע אהן משוררים) אין דער "גרויסער שול" פון דער גרויסער שטאדט קאמעניפקע. דארט האט ער ערשט גדאווענט, דארטען האט ער ערשט דערוויזען, ווער עזריאל'ק איז! די "אלטע שול" אין קבצניפקע איז א פנים צו א קליין קעסטעלע פאר זיין זעלטענע שטימע געוועזען.

פרעהליך און גליקליך האט זיך אין דער דאזיגער צייט געלעבט עזריאל'קען מיט זיין הויזגעזינד! דעם כבוד פון דער גאנצער וועלט האט ער מיט זיין חנה'לען געהאט פון יעדען איינציגען. בשעת עזריאל'ק פלעגט דאווענען, איז די "גרויסע שול" בעשטענדיג געוועזען אנגעפילט ניט נור מיט יודען, נאר אפילו די גרעסטע פריצים, להבדיל, פלעגען איהם קומען הערען און האבען זיך גע'הדוש'ט. ווי פון דעם שוואכען, קליינעם עזריאל'קען מיט זיין דאר העלזעלע וואקסען און ווערען בעשאפען אזוינע קונצליכע, וואונדערליכע נגונים און גאנצע אייגענע זאכען. געלד, דורך ברית'ן, התונות וכדומה האט זיך אויף דעם גליקליכען פאר־פאלק גע־שאטען, אזוי ווי א געדיכטער שניי. איין שטיקעלע האט אפילו יא אנגעהויבען צו ביסליך שטערען אונזער פאר־פאלק'ס גליק: עזריאל'ק האט אנגעהויבען הוסטען און צו ביסליכווייז מיט בלוט. ער פלעגט זיך קלאגען, אז אפט פיהלט ער עפיס א מין וועהטיג אין האלז, אין הארץ, נאר צו א דאקטאר איז מען ניט געגאנגען.

— וואס, א דאקטאר? — האט זיך רב יענקעל וויטים צובייזערט — נארישקייטען! א חידוש א ביסיל! דער סטאלער, קאוויל, שניידער און שוסטער ארבייטען מיט די הענד,— טהוט זיי די הענד וועהן חזנים, מלמדים און שדכנים ארבייטען מיט'ן האלז און הארץ—, בעדארף, זיי די אברים וועה טהון.

און עזריאל'ק האט ווידער גדאווענט, געזונגען, און די קאמעניפקער האבען די פינגער געלעקט און פון דער הויט געשפרונגען, הערענדיג זיינע שענע נגונים.

אזוי זענען איבערגעגאנגען גאנצע צוויי יאהר, ביז עס איז מיט אמאל אנדערש געווארען.

עס איז געוועזען תשעה־באב אין דער פריה. אלע פענסטער פון דער "גרויסער שול" זענען געוועזען אפען. נאך ערב תשעה־באב האט מען פון דער מאנסבילשער און ווייבערשער שול ארויסגעטראגען אלע טישען, ביינק און שטענדערס. אויף דער פאדלאגע זענען געוועזען אויסגעזעסע מענער און ווייבער אזוי ענג, אז א שפילקע צו דער ערד האט ניט געקאנט פאלען. דאס גאנצע געסיל, אין וועלכען די "גרויסע שול" געפינט זיך, איז געוועזען פערפלייצט מיט א שרעקליכער מחנה פון מענער, ווייבער און קינדער, חאטש אין דרויסען איז דאמאלט געראדע נאס און קאלט געוועזען. גאנץ פשוט: עזריאל'קס קנות האבען שוין פון לאנג גע'שמט אין דער יודישער וועלט, און ווער ס'האט נור אויערען, א יודיש הארץ און גאנצע פיס געהאט איז איהם געקומען הערען קנות זאגען. היינט איז נאך דאמאלט (ניט היינט געדאכט!) אין קאמעניפקע מיט דער סביבה ארומגעגאנגען דאס ביטערע שלאפקייט, וואס שלינגט מענשען מיט אזא איילעניש, ווי א הייסער חסיד שיריים פונ'ם רבי'נס טיש, און יעדער זוכט זיך נעביך צייט און איין ארט, וואו ער זאל זיך קאנען גוט און ערנסט אויסוויינען זיין ביטער און פינסטער הארץ.

עזריאל'ק איז אויך אויף דער פאדלאגע געזעסען און האט קנות געזאגט, אבער עס איז עפיס גאר ניט דער עזריאל'ק געזעסען און ניט זיין שטימע האט זיך געהערט...

פון עזריאל'קען מיט זיין צוקער־זיס, פול מיט האניג קול'כיל איז פלוצים געבארען געווארען, אויסגעוואקסען א משונה־ווילדע בריאה מיט א שרעקליכער שטימע. דער גאנצער עולם האט געזעהן, געהערט און געפיהלט, ווי דאס מורא'דיגע מין בעשעפעניש מיט א פייערדיגען שווערד אין דער האנד פליהט ארום צווישען זיי. ער קלאפט, שניידט און בראקט זיי די הערצער און מיט א פחדים'דיגער שטימע שרייט ער און פרעגט: — "רשעים! וואו איז אייער הייליג לאנד, וואס האט מיר מילך און האניג געפליסט? קנעכט! וואו איז אייער בית־המקדש? פערשאלטענע קנעכט! איבער געלד, רכילות, כבוד און גדלות האט איהר אייער פרייהייט פערלארען,— מוטשעט־זשע זיך און פוילט אין גלות!"...

דער עולם האט געציטערט, געפלאטערט און איז פשוט פון געוויין צוגאסען געווארען...

— "אלי ציון ועריה"... — האט זיך ווידער דערהערט עזריאל'קס טרויעריגע און וויינעדיגע שטימע — און פלוצים האט ביי עזריאל'קען אין האלז עפיס א דרינזשע געטהון. פונקט אזוי הערט זיך, ווען ביים גוטען פידעל אין מיטען פון דער בעסטען שפיעל פלאצען די סטרונעס. עזריאל'ק האט זיך שטארק פערהוסט און איז שטיל געבליבען. פון זיין האלז האט זיך דאס בלוט א גאס געטהון און ער איז געווארען ווייס, ווי דער שניי און טויט, ווי די וואנד...

---

דער דאקטאר האט געזאגט, אז עזריאל'ק האט דאס קול אויף אייביג פערלארען, און וועט אלע זיינע יאהרען בלייבען הייזעריג.

— נארישקייטען! — האט ר' יעקעל וויטים געדרונגען— זיין קול בעדארף זיך בייטען. ווייטער—גאר ניט.

— גאט וועט העלפען — האט געוואונשען דער האסטרער צדיק.

עס איז איבערגעגאנגען א גאנץ יאהר נאך דער געשיכטע, און עזריאל'קס קול האט זיך ניט געביטען און ניט אומגעקערט. די האסטרער חסידים האבען זיך צונויפגעקליבען ביי ה"ר אלקנה שוחט אין שטוב בעקלערען, אויסראטהען זיך, צו וואס עזריאל'ק בעדארף זיך נעמען, ער זאל האבען מיט וואס מפרנס צו זיין זיין ווייב אוי קינדער. לאנג־לאנג האבען זיי וועגען דעם וויכטיגען ענין געקלערט, גערעדט און געראטען זיך ביז זיי האבען געפונען אט דעם מיטעל: ביי עזריאל'קען האט זיך נאך געפונען ק"ן קערבליך,— זאל ער פאר הונדערט קערבליך זיך קויפען א נחלה אין קבצניפקע און מיט דעם רעשט געלד זאל ער אנהויבען האנדלען.

און עזריאל'ק איז (אין א גוטער שעה!) א סוחר געווארען. ער האט אנגעהויבען פאהרען אויף יריד'ען און האט געהאנדעלט מיט אלעס, וואס ס'האט זיך געקויפט און פערקויפט.

קיין זעקס חדשים זענען נאך ניט איבערגעגאנגען, און אונזער עזריאל'ק איז שוין מיט זיין געלד פארטיג געווארען. עזריאל'ק האט פערזעצט זיין נחלה, און מיט דעם געלד געעפענט פאר זיין חנה'לען א קרעמיל פון גרעמפלשפייז. ער אליין (פאר יודען איז דאך די וועלט וועניג!) האט אנגעהויבען ארומפאהרען אויף דער סביבה נאך "מעמדות" פאר'ן האסטרער זאל לעבען.

גאנצע פינף חדשים איז עזריאל'ק געוועזען אין וועג. ווען ער איז איין אבגעריסענער, אבגעשליסענער אהן א קאפעקע אין קעשענע א היים געקומען,— האט ער חנה'לען געטראפען אין קימפעט מיט'ן פיערטען קינד און דאס קרעמיל אהן סחורה און א גראשען געלד, נאר עזריאל'ק איז שוין געוועזען א שטיק סוחר, און צו וואס, צו וואס זענען שוין יודישע סוחרים ניט געוואוינט? עזריאל'ק האט באלד פערקויפט די גאנצע נחלה זיינע, אבגעצאהלט דעם חוב, געדונגען א גרעסערע דירה און האט אנ־

געהויבען פיהרען פיעל און גרויסע נייע געשעפטען: ער האט געזויערט אוגערקעס, קרויט און ארביזעס, געשטעלט רויטען און ווייסען בארשט וכדומה. מיט די געשעפטען האט זיך מעהרטהייל ווידער טאקע בעדארפט אבגעבען חנה׳לע, און ער אליין—האט אויך ניט פערלעגט די הענד אין די קעשענעס: אויף פסח האט ער געלאזט באקען שמורה־מצות און האט זיי פערקויפט די קאמעניפקער גבירים, אויף ימים נוראים, ווי א גוטער מבין אויף זינגען, האט ער געפריווט און א נאראיעט הזנים און בעלי־תפילות פאר די קאמעניפקער שולען און אויף סוכות האט ער געהאנדעלט מיט אתרוגים, לולבים וכדומה.

דריי יאהר כסדר האבען זיך עזריאל׳ק מיט זיין חנה׳לען געמוטשעט מיט זייערע געשעפטען, שונאי ציון, אויפ׳ן טוידט, ביז דער גרויסער שטארקער יודישער נאט האט זיי געהאלפען, און זיי זענען... צו צוואנציג יאהר אלט געווארען...

עזריאל׳ק מיט חנה׳לען זענען שוין אין דער צייט געוועזען טאטע־מאמע פון פיער לעבעדיגע און צוויי טוידטע קינדערליך. חנה׳לע, די וועלטען שענע חנה׳לע, האט שוין געהאפט דעם אמבליק פון איין אב־געשלאגענער הושענא... און עזריאל׳ק... איהר געדיינקט זיין בילד צו דער חתונה? שטעלט־זשע אייך פאר און מאלט אייך אויס, וואס פאר א מין פרשוין ער האט געקאנט ווערען, נאך אזעלעכע גליקליכע זיבען יאהר לעבען!... אמת טאקי מיט קיין בלוט האט ער שוין דוקא דאמאלט ניט געשפיגען. ווי קומט עס? צי רב יענקעל וויטים נבואה איז מקוים געווארען: „ער וועט עלטער ווערען,— וועט דאס בלוט פערגעהן“, צי דערפאר, ווייל אין זיין גאנצען גוף׳ל האט זיך שוין פשוט קיין טראפען בלוט ניט געפונען,— אזוי צי אזוי, אבי מיט קיין בלוט האט ער שוין ניט געהוסט.

מילא דאס אלעס איז רעכט, אבער געוואלד, וואו נעמט מען פרנסה?!

אפילו די האסטרער חסידים מיט רב יענקעל וויטים אין איינעם האבען שוין קיין מיטעל ניט געקאנט געפינען:

— דאס זינגען האט איהם דערהויבען און פון די פיס געווארפען. איהר ווייסט, פאר וואס און צו וואס עזריאל׳ק זאל זיך ניט נעמען—איז אליץ שלים־שלים מזל? ווייל דאס זינגען ליגט איהם בעשטענדיג אין קאפ און אין הארץ. ער דאווענט, לערנט און זינגט, ער קויפט און פער־קויפט זינגענדיג, ער זינגט טאג ווי נאכט. מיר הערען ניט, ווייל ער איז הייזעריג, אבער ער זינגט בעשטענדיג, קאן ער א רעכטער סוחר זיין, אז ער מוז און בעדארף זיך כסדר צוהערען, ווי אזוי הימעל און ערד זינגען און ווי אליץ ארום איהם זינגט? ער וואלט נאך געקאנט זיין א שוחט אדער א רב (לערנען קאן ער גענוג) נאר, ערשטענס, ניט אלע טאג שטארבט א רב אדער א שוחט, צווייטענס, לאזען זיי מעהרטהייל אזוינע יורשים, וואס פערנעמען אליין זייערע עלטערענס ערטער און, דריטענס, אפילו, אז יענער לאזט שוין טאקע ניט אזא מן יורש,— בעדארף מען דאך בעצאהלען חזקה־געלד,— וואו־זשע נעמט מען דאס מין? ניין, קיין שום מיטעל איז שוין פאר איהם נישטא. איין גאט קאן און בעדארף זיך אויף איהם מיט זיין ווייב און קינדער מרחם זיין...

עזריאל׳ק האט זיך אין דער דאזיגער צייט גענוג געמוטשעט און געבארעט מיט דער נויט, זיין גליק איז נאך געוועזען, וואס ער איז איין האסטרער חסיד געוועזען: די האסטרער חסידים, האטש זיי שס׳ן פון איי־ביגע יאהרען פאר די גרעסטע קבצנים אונטער יודען, פלעגען זיך בע־שטענדיג מיט׳ן לעצטען ביסען טהיילען מיט זייערע אומגליקליכע ברידער. נאר וואס קאן גאר העלפען די גאב פון מענשען און נאך פון אזוינע ארימע נפשות? איין גאט ווייס, וואס פאר איין ביטערער סוף ס׳האט עזריאל׳קען ערווארטעט, ווען עס וואלט ניט פלוצים געשטארבען רב שמואל־בער, דער קבצניפקער סופר (ברוך דיין אמת!) אונזער עזריאל׳ק האט באלד דערפיהלט, אז ער, עזריאל׳ק, און טאקע נור ער, בעדארף און מוז פערהאפען רב שמואל־בער׳ס ארט. צו דער מין מלאכה איז עזריאל׳ק שוין פון כמה וכמה יאהרען א מזיק געוועזען. גאנץ פשוט: זיין פאטער׳ס און רב שמואל־בער׳ס דירות זענען פון אייביגע יאהרען געשטאנען כמעט אונטער איין דאך. עזריאל׳ק נאך קינדווייז פלעגט כסדר איבערזיצען (עפים האט איהם געצויגען צו דער מין ארבייט) ווען ער איז נור פריי געוועזען פונ׳ם חדר, ביי רב שמואל־בער׳ן אין שטוב און פלעגט זיך גוט צוקוקען צו זיין מלאכה. נאך אלס יונגיל האט זיך שוין אונזער עזריאל׳ק ניט איינמאל געפריווט אויסארבייטען א גוט שטיקיל פארמעט פון א שאפען פעלעכיל. היינט וואס פאר איין יודיש יונגיל קאן ניט „אויסמאכען“, אויסדרעהן די בעסטע גידים? אפילו די סופר׳שע טינט מאכען איז אויך פאר עזריאל׳קען קיין סוד ניט געוועזען.

און עזריאל׳ק איז (אין א גוטער שעה!) קבצניפקער סופר געווארען.

קיין גליקען, פערשטעהט זיך, האט איהם די פרנסה ניט געקאנט צוזאגען: רב שמואל־בער, וועלכער איז כל ימיו א סופר, א גוטער סופר געוועזען, איז געשטארבען איין גרויסער קבצן און האט איבערגעלאזט נאך זיך א פולע שטוב מיט הונגעריגע און נאקעטע קינדערליך, נאר... וואס פאר א יוד (וואס איז משיח איז שוין געקומען?) האט עס פרנסה מיט פולען מויל?

ישעיהו לערנער, אדעסא.

---

# איבער די קערפערליכע ערציעהונג פון אונזערע קינדער.

קערפערליך זענען די יודען פיעל וועניגער ענטוויקעלט ווי זייערע שכנים די קריסטען. ווער עס קוקט נור מיט אפענע אויגען, קען א יודען גלייך דערקענען ניט נור דורך דעם בעזונדערען אויסדרוק און פארם פון זיין געזיכט, נאר אפילו דורך זיין ניעדריגען וואוקס, דורך זיין שמאלע ברוסט און דורך זיין בלייכען פנים. נאך פיעל גרעסער איז דער אונטערשיעד ביי קינדער; מען דארף נור פערגלייכען א יודישען חדר יונגיל מיט א קריסטליכען שילער, אום צו בעמערקען, ווי ווייט זיי זענען איינער פון אנדערן אין געזונד און אין כח.

דאקטוירים און געלערנטע, וואס האבען זיך פיעל בעשעפטיגט מיט דער פראגע איבער קערפערליכע ערציעהונג, זענען געקומען צו דיזעלבע רעזולטאטען, וואס בעקרעפטיגען אונזערע געוועהנליכע אבערפלעכליכע בעטראכטונגען. מעהרערע טויזענד אויסמעסטונגען, וואס די פארשער האבען געמאכט ביי יודען און קריסטען, ווייזען, אז דער וואוקס פון יודען איז א סך ניעדריגער ווי דער וואוקס פון ניט יודען, אז בעת די קריסטען ערגרייכען געוועהנליך די הויך פון — 165 ביז 170 צענטימעטער, ערגרייכען יודען דורכשניטליך ניט מעהר ווי 162 צענטימעטער; די געמאכטע אויסמעסטונגען בעווייזען אויך, אז די ברוסט איז ביי יודען פיעל שמעלער, ווי ביי ניט יודען. ביי געזונדע קרעפטיגע מענשען מוז זיין די ברייט פון ברוסט ניט וועניגער ווי א העלפט פון דעם וואוקס, ביי יודען איז אבער די ברייט פון ברוסט א׳סך וועניגער; כמעט ביי 60% פון אלע יודישע רעקרוטען איז די ברוסט שמעלער ווי זי דארף זיין, און אז די ברוסט איז שמאל, זענען די לונגען ניט גוט ענטוויקעלט, אטהמען זיי שוואך, און ווערען אפט קראנק, די סטא־

טיסטיק פון לונגענקראנקהייטען בעווייזט טאקע אז זיי זענען אונטער יודען זעהר שטארק פערברייטעט. דאס בעטרעפט דערהויפט ערוואקסענע, אונז אינטערעסירט אבער דא מעהר די קערפערליכע ענטוויקלונג פון קינדער און אין דער בעציעהונג האבען אונז אויך פערשיעדענע געלערנטע און פארשער געגעבען אינטערעסאנטע און צוגלייך טרויריגע דאטען פאר אונז.

מיט אויסמעסטונגען פון יודישע קינדער האט זיך זעהר פיעל בעשעפטיגט דער בעקאנטער היגיעניסט ד״ר נ. זאק, וועלכער האט בעשטעטיגט אין זיינע וויכטיגע פיעל ציטירטע ארבייטען, אז די ברוסט פון יודישע שולקינדער איז אויך פיעל שמעלער ווי ביי ניט יודישע קינדער. אויך האט ד״ר זאק אונטערזוכט דעם געוויכט פין יודישע קינדער אין פערשיעדענעם אלטער און האט געפונען אז יודישע קינדער וועגען א סך וועניגער ווי ניט יודישע; דער אונטערשיעד איז ביז 14 יאהר כמעט 5 פונט און נאך 15 יאהר דערגרייכט ער ביז 5 — 17 פונט.

וואס איז די אורזאכע דערפון? פון וואנען קומט עס? קען מען די זאך פערבעסערן, אדער ניט? דאס זענען אליך אזוינע וויכטיגע פראגען פאר אונז, אז עס איז בדאי זיך אויף זיי אבצושטעלען.

דאס סטאטיסטישע מאטעריאל, וואס מיר האבען, איז נאטירליך ניט גענוג, אום צו געבען קלארע תשובות אויף די אויפגעשטעלטע פראגען, נאך וועניגער קענען מיר זיך בענוטצען נור מיט איינדריקען פון איינצעלנע מענשען, די זאך איז זעהר וויכטיג און מוז דערום גאנץ אנדערש בעהאנדעלט ווערען.

עס מוז אויסגעארבייטעט ווערען א פראגראם פאר פערשיעדענע שטרענג וויסענשאפטליך געשטעלטע איינהייטליכע אונטערזוכונגען איבער דאס געזונד פון אונזערע קינדער, אין דעם פראגראם וועלען געוויס אריינגעהען מעסטונגען פון קינדער אין זעהר א גרויסער צאהל, היגיענישע אונטערזוכונגען פון אונזערע שולען און דערגלייכען: די אויסארבייטונג פון דעם פראגראם און די אויספיהרונג פון דער גרויסער ארבייט, וואס אויסער איהר וויסענשאפטליכען ווערט וועט זי געוויס פיהרען צו וויכטיגע פראקטישע רעזולטאטען, מוזען אויף זיך נעהמען אונזערע געלעהרטע און דאקטוירים. זעהר גוט וואלט געוועזען צו דעם צוועק איינצוברופען א קאנגרעס פון יודישע דאקטוירים. טיילנעהמער צו אזא קאנגרעס, ווען ער וואלט אנגענומען ווערען, וואלט געוויס ניט געפעהלט: יעדען וועם עס איז בעקאנט, ווי פיעל דאקטוירים עס שטעהען אין דער שפיטץ פון אונזערע נאציאנאלע בעוועגונג, וויפיעל הונדערטער דאקטוירים עס געהערען צו די אייפריגע און ענערגישע ציוניסטען, וועט אין דעם ניט צווייפלען...

קינדער זענען אונזער האפנונג, אונזער צוקונפט, פון די היינטיגע קינדער וועט א מאל ווערען א נייער דור, און ווי דער נייער דור זאל אויסוואקסען: א קליינער, א שוואכער, א קראנקער, אדער א הויכער, א שטארקער א ארבייטס פעהיגער, דאס הייננט א סך אב פון אונז, פון דער ערציעהונג וואס מיר וועלען איהם יעצט געבען, און דאך האבען מיר אזוי וועניג רחמנות אויף אונזערע קינדער. ווי אפט האלטען זיך אונזערע יונגע מאמעס פאר גוטע ערציעהערינס, ווען זי קענען גוט אויפפאסען דאס קינד זאל מאכען זיין לעקציאן און האבען ניט און ווילען גאר ניט האבען קיין בעגריף פון היגיענע, און ווייסען ניט און ווילען ניט וויסען, וואס עס איז נייטהיג פאר די געזונדהייט פון קינד. זיי מיינען דאס זיי זענען יוצא מיט די ידיעות וואס זיי האבען געירש׳עט פון זייערע באבעס, און זייערע באבעס האבען זיי געזאגט, דאס איין קינד מוז מען נור היטען פון פערקיהלונג, ניט צולאזען א ווינטעל, ווער רעדט חלילה א טראפען וואסער, — אבער ווי פאלש דאס איז אלעס!

די לופט איז אונז ריכטיג אזוי נייטהיג ווי עסען און טרינקען, און אזוי ווי דאס עסען דארף זיין פריש. אזוי מוז די לופט אויך זיין פריש. שלעכטע פערשטיקטע לופט איז פאר אונז ניט וועניגער שעדליך ווי פערדארבענעס עסען. נאר דער אונטערשיעד איז וואס מען זעהט ניט אזוי גיך דעם שאדען פין שלעכטער לופט ווי פון שלעכטען עסען. פון פערדארבענעם עסען בעקומט מען באלד א שלעכטען מאגען, פון פערדארבענער לופט אבער פיהלט מען דעם שאדען שפעטער, פיעל שפעטער, בשעת מען האט זיך שוין אן דער אורזאכע פערגעסען און עס איז שוין שפעט צו העלפען. אין דער פערדארבענער לופט געפינט זיך וועניגער זויערשטאף וויפיעל מיר דארפען האבען פאר אונזערע לונגען, און פאר אונזער בלוט, און מעהר קוילען־זויערע און נאך אנדערע גאזען, וואס זענען פאר אונז איין גיפט, און דערצו נאך שטויב און מיקראבען.

אויסער דעם וואס מיר דארפען האבען פרישע לופט, מוזען מיר נאך זעהן אז די פרישע לופט זאל ווערען גוט און טיעף איינגעאטהעמט, און דערצו מוזען מיר האבען קערפערליכע בעוועגונג. ווען די לופט איז אבער שלעכט און קיין בעוועגונג איז אויך ניטא, קען מען זיך גאנץ לייכט פארשטעלען ווי שעדליך דאס ווירקט אויף איין קינד, וואס דארף נאך וואקסען, זיינע לונגען ווערען צונויפגעפאלען, זיין בלוט ווערט וועניגער, זיין גאנצעס נערווען־סיסטעם ווערט אזוי אבגעשוואכט, אז ער פערליערט די פעהיגקייט שטארק און טיעף צו אטהעמען, אפילו דערנאך ווען ער קומט ארויס אויף דער פרישער לופט. —

אין אלע געבילדעטע לענדער איז מען שוין לאנג געקומען צו דער איבערצייגונג, אז דאס פריהערדיגע סיסטעם פון ערציהונג איז געוועזען ניט ריכטיג. ביז אהער האט מען נור געזארגט, אז דאס קינד זאל ערווערבען אין דער שולע וואס מעהר קענטנים, און יעצט זארגט מען אז ער זאל אויך בעקומען א געזונדען קערפער. די סטאטיסטיקע האט בעוויזען ווי עס האבען זיך אין דער לעצטער צייט זעהר פערמעהרט די נערווען־קראנקהייטען ביי שול־קינדער. די מעדיצין האט בעוויזען אז א סך קראנקהייטען קומען ארויס פון שלעכטע שולען, צום ביישפיעל: די אויסקרימונג פין חוט השדרה, קורצזיכטיגקייט, קאפף־שמערצען, בלוט פון נאז, אבשוואכונג פון מארך א. ז. וו. אפילו אין שוועדען, וואו די שולען זענען זעהר גוט געשטעלט, איז אויך בעמערקט געווארען, אז די קינדער קרענקען זעהר אפט. דער בעריהמטער פראנצויזישער פראפעסאר לעוואל זאגט: „מיר מאכען אונזערע קינדער רייך מיט קענטנים און ארום אין געזונד, מיר ענטוויקלען זיי פון איין זייט פערדערבען זיי פון דער אנדער זייט, און וואס קומט ארויס דערפון? זיי פערלירען אי דא, א דארטען. דער קערפער ווערט שוואכער, דער וואוקס ניעדריגער, די ענערגיע פאלט, און די ווילענסקראפט ווערט אבגעשוואכט. — דאסזעלבע זאגט אויך דער געוויסער פיזיאלאג לאגראנזש און נאך אנדערע. —

ווען דאס זאגען קריסטליכע געלעהרטע, רוסען, פראנצויזען, שוועדען וועגען זייערע גוטע שולען, מיט סיסטעמאטישער בילדונג, וואס זאלען מיר שוין יודען זאגען מיט אונזערע פינסטערע, ענגע

חדרים און תלמוד־תורה'ס, מיט אונזער שווערען, דאפעלטען לערנען. אונזערע קינדער אַרבייטען צוויי מאָל אַזוי פיעל ווי די קריסטליכע; בשעת דער קריסטליכער יונגיל געהט פון דער שול אַהיים, געהט ער אָב־רוהען. דעם יודישען יונגיל אָבער ערוואַרט נאָך צוהויזע אַ יודישער לעהרער מיט נייע למודים — ווייטער לערנען, ווייטער אַרבייטען. און ווען און ווי זאָל ער רוהען? וואו זאָל ער נייע קרעפטען געפינען? וועגען דעם טראַכט מען ביי אונז גאַר ניט.

דאָס קינד, זאָגט דער פּראָפעסאָר לאַגראַנזש, מוז טיעף און גוט אָטהעמען און ניט אומעטיג זיין, זיינע בעוועגונגען דאַרפען ניט זיין אַזוי אויסגערעכענט, אַזוי איינגעהאַלטען ווי ביי אַ גרויסען מענשען, נערוואַרע אומגעקעהרט, זיינע בעוועגונגען און שפּילען זיך דאַרפען זיין פריי און אונגעצוואונגען, ער דאַרף זיי ניט מאַכען ווי איין אויסגעלערנטע זאַך, נאָר ווי איהם געפעלט, ווי איהם מאַכט פערגניגען; זיין פרעהליכער געלעכטער, זיין לעבהאַפטעס שפּרינגען, זיינע גלענצענדע אויגען און זיינע רויטע באַקען זענען די בעסטע סמנים אַז זיינע לונגען אָטהעמען טיעף און גוט, אַז זיין בלוט לויפט אין איהם גיך און שטאַרק און אַז זיין קערפּער ענטוויקעלט זיך ווי עס דאַרף צו זיין. — אין פראַנקרייך קלערט מען שוין פון לאַנג אָן צו געפינען מיטלען ווי צו פערבעסערן דאָס געזונד פון קינדער. דאָרט איז געגרינדעט געוואָרען איין געזעלשאַפט פאַר דאָס גאַנצע לאַנד פון געלעהרטע מיט דעם געוויסען פּראָפעסאָר בערטעלאָט אין דער שפּיצע, וואָס האָט דעם צוועק זיך צו פערנעהמען מיט די פראַגען פון פיזישער ערציעהונג. אויסער זייער איינענע פיעלזייטיגע אַרבייטען, האָבען זיי נאָך בעשטימט איין פּרעמיע פון 5000 פראַנק פאַר דעם בעסטען חבור איבער די פיזישע ערציעהונג און פונאַנדער געשיקט קאָמיסיעס אין פערשיעדענע לענדער. וואו מען האָט שוין פריהער אַרום דעם געאַרבעט. די געזעלשאַפט איז געקומען צו דער דעה, אַז דאָס בעסטע מיטעל צום ענטוויקלען און פערשטערקען דעם קערפּער, איז פּרייעס שפּילען אויף פרישע לופט.

נאָך דעם ביישפּיעל פון פראַנקרייך און אַנדערע לענדער, האָט מען אויך אין רוסלאַנד מיט אַ יאָהר 10 צוריק אָנגעהויבען גרינדען געזעלשאַפטען צו קערפּערליכער ענטוויקלונג. די ערשטע געזעלשאַפט איז געגרינדעט געוואָרען אין אָדעס, באַלד נאָכדעם איז אויך געוואָרען איין געזעלשאַפט אין פּעטערבורג. אין דאָס פּראָגראַם פון די געזעלשאַפטען איז אַריינגעגאַנגען: ערשטענס צו אויסבילדען לעהרער, וואָס זאָלען פערשטעהען די זאַך און קענען אונטעררי כטען און צווייטענס איינצופיהרען געזעלשאַפטליכע גימנאַסטיקע און שפּיעלען פאַר ערוואַקסענע מענשען און פאַר קינדער: פאַר ערוואַקסענע מענשען קורסען פון גימנאַסטיקע, שווימען, שיפען זיך, פעכטעווען, וועלאָסיפּעד־פאָהרען. פאַר קינדער אָבער—בעוועגליכע שפּיעלען אויף פרייער לופט, און ווינטער אין גרויסע, הויכע, פּאַסענדע זאַלען. די אידעע האָט זיך אַזוי גיך פערברייטעט אַז איצט איז שוין כמעט ניטאָ איין גרויסע שטאָדט, וואו עס זאָל זיך ניט געפינען אַזאַ געזעלשאַפט. פיעל פון אונז האָבען געלעגענהייט פון איינענער ערפאַהרונג זיך צו איבערציינגען, וואָס פאַר גרויסע נוטצען די געזעלשאַפטען בריינגען און ווי וויכטיג זיי זענען פאַר אונז יודען. די ערפאַהרונג, וואָס אַנדערע פעלקער האָבען געמאַכט, ערשפּאָרען אונז די מיה פיעל צו פאָרשען איבער דער זאַך. מיר האָבען שוין פאַרטיגע תשובות אויף אַלע שאלות, פאַרטיגע מוסטערן ווי צו אָרדנען די זאַך. מיר דאַרפען נור וועלען פערשטעהן אונזערע אמת'ע נוטצען און ניט שפּאָרען אַ ביסיל מיה און צייט.

(ענדע קומט).

דר. מ. יעוונין.

---

# א קליינע בעמערקונג.

„נישט אַלץ וואָס ניי—איז געטריי", איז מיר אויף די געדאַנקען געקומען בעת איך האָב געלעזען די זאַרגאַנישע וועלט נומער 7.

צוזאַמען מיט דעם נייען רעדאַקטאָר האָט אויך אין דער וועלט אָנגעהויבען שרייבען איין ה. ** (אַלזאָ, אַ מענש מיט פּינטעליך!) איבער דער „יודישע פּרעססע".

1) ווי מען דאַרף פערשטעהען פון דעם נאָמען: יודישע פּרעססע" מיינט די געש עטצע רעדאַקציאָן צו בעקענען איהרע לעזער מיט אַלץ וואָס עס ווערט גערעדט אין יודישע צייטונגען. ווי־זשע קומט עס אָבער, וואָס דער הערר מיט די דריי שטערען ניט איבער ניט דאָס וואָס יענער רעדט, נאָר וואָס יענער האָט גאָר נישט געזאָגט, אָדער ער פערדרעהט יענעמס רייד, מאַכט פּשט'ליך און גיט זיי צו כוונות וואָס דער שרייבער האָט גאָר נישט אויסען געוועזן? למשל: וואו האָט ער געפונען אין דעם אַרטיקעל פון ה. F. אין הדור נו' 4 איין אָנצוהערעניש מכה חתונה האָבען ניט מיט אַ יודיש קינד? נאָר וואָס דען? „איבער דרעהענדיג — איך רעד מיט דער מוסר־שפּראַך פון ה. *** — אַביסיל די ווערטער, אַביסיל דעם זינן פון די ווערטער" און אַרויסהאָפּענדיג איינציגע ווערטער מיט שטיקליך פראַזען, קען מען שוין מאַכען אַ פשטיל אום איינצושמועסען די לעזער פון דער זשאַרגאָן „וועלט", דאָס אין „הדור" שמועסט מען „מכה חתונה האָבען מיט אַ ניט יודיש קינד" (ווער זאָל חתונה האָבען, וואָס חתונה האָבען, צי מען איז מתיר חתונה האָבען, אָדער פערקעהרט, מען רעדט, דאָס מען טאָר נישט חתונה האָבען — דאָס וועלען די זשאַרגאָן לעזער פון דעם אַרטיקעל אין דער וועלט ניט וויסען) און אַז די שרייבער פון הדור „האָפּען ביים לאַטץ אָדער ביי דער באָרד". צי מיינט דער ה. *** צו געבען ווירקליך „צייטונגסשטימען" אָדער ער איז אויסען צו מאַכען העטצעס?

2) איך פערשטעה אויך נישט די טהיילונג וואָס ער מאַכט צווישען צייטונגען. איינינע בענעדיגט ער מיט דעם טיטל אונזער פריינד (ווער איז דאָס דער „אונזער"?) און די איבריגע האָלט ער אַ פנים פאַר אונפריינד! וואָס איינענטליך געהט עס אָן דעם לעזער צו וויסען, מיט וועם ער איז חבר און מיט וועם אָב חבר? אָדער, צי מיינט ער צוריק אַריינברייינגען די פערשימעלטע פאָרם פון „ידידנו", וועלכע האָט עקזיסטירט אין דער העברעאישער פּרעסע אין די 70־ער יאָהרען, וועלכע מען האָט גענוג אויסגעלאַכט און פון וועלכער מען איז קוים פּטור געוואָרען? אדער אפשר וויל ער אין זער רובריקע עוסק זיין מיט געבען סמיכות און הסכמות? יעדענפאַלס מעג מען אַזאַ אופן פון שרייבען רוהיג איבערלאָזען דעם „הפּלס", „הפסגה", דאָס מעג מען זיי פערגינען, דאָס איז זייער פאַך. די אָבער, וואָס אַרבייטען פאַר ווידעראויפלעבונג פון אונזער פאָלק, דאַרפען זיך מרחיק זיין פון חניפה ומן הדומה לה.

א מענש אָהן פּינטעליך.

---

## וועגען דער קאלאניאלבאנק.

זעהר געעהרטער הערר רעדאַקטאָר!

ערלויבט מיך דורך אייער געשעצטע צייטונג צו זאָגען עטליכע ווערטער פון דער יודישער קאָלאָניאַלבאַנק אין לאָנדאָן.

אין דער לעצטער צייט לאָזען זיך זעהר אָפט הערען קלאַגען און פרעטענזיעס אויף די באַנק, הויפטזעכליך דערפאַר, וואָס זי שיקט ניט ארויס די אקציען, פאַר וועלכע מען האָט שוין לאנג בעצאָהלט.

אַזוי ווי די באַנק האט יעצט ערעפנעט אַ צענטראַל־ביוראָ פאַר די רוסישע פערטרויענסמענער און איך בין דער פאָרזיטצענדער פון דעם ביוראָ, האָב איך געהאַט געלעגענהייט איינצוזעהן, אַז אין מיינסטען פעלען איז די באַנק גאָר ניט שולדיג וואָס די אַקציען פערשפעטען זיך. מעהרסטענס זענען שולדיג די אַגענטען, וועלכע זאמלען דאָס געלד פאַר די אַקציען, אָדער די אַקציאָנערען אַליין, וואָס צאָהלען איין זייער געלד אין אַ צאָהלשטעלע און גיבען ניט אויף פאַר וואָס זיי צאָהלען, וועלכע ראַטע זיי צאָהלען און ווי איז דער נומער פון זייער קוויט (אינטערימשיין). געוויס זענען די אַגענטען טרייע און עהרליכע מענער און די באַנק האָט זיי פיעל צו דאנקען פאַר זייער מיה און אַרבייט. נאָר פיעל פון זיי שיקען דער באַנק דאָס איינקאַסירטע געלד, ניט אָנווייזענדיג פאַר וועם און פאַר וואָס איז דאָס געלד. געוויס וועט חלילה דאָס געלד ניט פערפאַלען ווערען, אָבער דערווייל קלויבט זיך אַזוי אַן פיעל געלד ווי מען זאָגט „אַהן אַ טאַטען", און די אקציאָנערען האָבען פרעטענזיעס, פאַר וואָס זיי בעקומען ניט די אַקציען. אַנדערע אַגענטען שיקען יאָ אַ חשבון פון דעם געלד, נאָר אָפט אָהן יעדער אָרדנונג אין אזוי פערדרעהט, אז מען קען פון זייער השבון ניט אַרויסקריכען. נאָך ערגער איז, אז די באַנק שרייבט און פרעגט אָן, פאַר וועם איז דאָס געלד, ענטפערט מען גאָר ניט. דעריבער מיינען מיר, אַז איידער צו קלאָגען אויף די באַנק, וואָלט געוועזען ריכטינער, אז יעדער אַגענט אין יעדער שטאָדט זאָל ביי זיך נאָכזעהן, אויב ער האָט ערפילט אלע פארמאליטעטען און אויב ער האָט געענטפערט אויף אַלע אַנפראַגען פון דער באַנק, וועלכע זענען לויט ענגלישען געזעטץ נייטיג צום אויסשרייבען די אַקציען.

אויסער דעם פערשטעה איך אייגענטליך ניט, וואָס בעטייט דאָס געשריי: אַקציען! אַקציען! און אַז דער אַקציאָנער האָט דערווייל אַ קוויט פון דער באַנק איז דען דאָס ניט גענוג? אַז עס קומט אָן די אַקציע גיט מען זי אַוועק און מען נעמט אָב דעם אינטערימשיין, איז דאָך דאָס אייגענטליך נור אַ חלוף פון איין דאָקומענט אויף איין אַנדער פאַפיער! עס איז אַ וואונדער, אז אַזוינע פראַקטישע מענשען, ווי יודען זענען, זאָלען ניט פערשטעהן אַזאַ איינפאַכע זאַך! אין אַנדערע אקציען־געזעלשאַפטען געהען אַוועק צייטען, ביז זיי גיבען ארוים די אַקציען, און די אַקציאָנערען איילען גאָר ניט זיי אָבצונעמען, ווייל קוויטונגען האבען דיזעלבע בעדייטונג.

צונלייך אבער טהוט אונזער באַנק אלעס מעגליכע אום צופריערדען צו שטעלען די אַקציאָנערען. אין די לעצטע 2 הדשים האָט די באַנק אַרויסגעשיקט דעם צענטראַל—ביורא 13,500 סערטיפיקאַטען אויף איין ערך 25,500 פונט שטערלינג פאַר רוסישע אַקציאָנערען. איבער אַ סבה, וועלכע איז ניט געווען אָבהענגיג פון דעם ביורא, איז אַ פארטיע פון 4,000 אַקציען פערהאַלטען געווען אויף דער צאָל־קאַמער, נאָר איצט ווערען די אַקציען פינקטליך צושיקט אין גאַנץ רוסלאַנד, און אַלע אַקציאָנערען קענען גאַנץ רוהיג און זיכער זיין, אַז זיי וועלען קריגען זייערע אקציען צו דער רעכטע צייט. ניט דאָס איז דער עיקר, נאָר מען דאַרף זעהן אַרבייטען, איינקאַסירען די ראַטעם און טהון אַלעס מעגליכע, אַז די באַנק זאָל אין גיכער צייט האבען דאָס נייטהיגע געלד און אנהייבען איהר ארבייט.

בברכת ציון

משה פעלדשטיין.

ווארשא י"ב אדר התרס"א.





Verlag „Achiasaf". Verantwortlicher Red. M. Berkowicz. — Herausgeber u. Buchdruckerei Josef Fischer Krakau.